# זיי האבן געליטן –
# זיי האבן געקעמפט

(צום 30־טן יארטאג פון אויפשטאנד
אין ווארשעווער געטא)

ארויסגעגעבן פון דער „וועלט פעדעראציע פון פוילישע יידן"
תל־אביב, דיזנגוף 158

צונויפגעשטעלט פון אויטענטישע מאַטעריאַלן פון „יד־ושם" און אנדערע (די געשריבענע אין יידיש — אָן שום סטיליסטישע און גראַמאַטישע אויסבעסערונגען) און רעדאַגירט פון ד. ספּאַרד.

**אַנשל רייס**

# זיי האָבן געליטן — זיי האָבן געקעמפט

פסח 1973 וועט ווערן 30 יאָר זינט דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דאָס איז אַ דאַטע פון אַ גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג, און ס׳איז אונדזער עטיש־נאַציאָנאַלע פליכט ווידער צו דערמאָנען ביי דער געלעגנהייט די שוידערלעכע טראַגעדיע, וועלכע עס האָט איבערגעלעבט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דאָס מזרח־אייראָפּעישע יידנטום בכלל און דאָס פּוילישע בפרט. אָבער דערביי דאַרף מען אונטערשטרייכן דעם היסטאָרישן אמת, אַז ס׳איז נישט ריכטיק, אַז זיי זענען געגאַנגען „ווי שאָף צו דער שחיטה״, ווי עס דערלויבן זיך טיילמאָל צו באַהויפּטן, אָדער צו טראַכטן, געוויסע „פאָרשער״.

ד״ר קאָרטשאַק, למשל, איז נישט געווען צווישן די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער. ער איז געגאַנגען צום „אומשלאַגפּלאַץ״. דאָך וועט קיינער נישט פאַרניינען זיין העלדישקייט, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אינעם פרייוויליקן גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ צו אַ זיכערן טויט צוזאַמען מיט זיינע קינדערלעך־תּלמידים, כדי צו פאַרלייכטערן זייערע ליידן, כאָטש די דייטשן האָבן אים געוואָלט באַפרייען.

דאָסגלייכן איז געווען אַן אַקט פון מרידה דער זעלבסטמאָרד פון טשערניאַקאָוון, ווי אַ דעמאָנסטראַציע קעגן באַפעל פון געסטאַפּאָ צוצושטעלן אַ קאָנטיגענט יידן, ווייל ער האָט געוווסט, אַז זיי וועלן אַוועקגעשיקט ווערן צום טויט.

אַ בולטער אויסדרוק פון דעם נישט וועלן „גיין ווי שאָף צו דער שחיטה״ איז געווען די העלדישע האַלטונג פון די יידן אין שטעטעלע לאַכווע, וועגן וועלכער עס דערציילט זיך אין דער אויסגאַבע.

אויך דער פאַקט מיט די פאַפּיראָסן־פאַרקויפער אויף דעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן אין וואַרשע, וואָס זייערע אויפטועון האָט פאַראייביקט אין אַ שיינער פאָרם יוסף זשעמיאַן, רעדט פאַר זיך אַליין, ווי אַזוי יידישע

קינדער האָבן זיך פאַרטיידיקט און קעגנגעשטעלט דער מאַכט פון די רוצחים.

אַן אויטענטישע עדות, ווי אַזוי אַ יונג מיידל, נישט וועלנדיק שלום מאַכן מיט דער ווירקלעכקייט, וועלכע די מערדער האָבן געשאַפן, האָט באַוויזן איבערצוקליגן די רוצחים און זיך געראַטעוועט, אַדאַנק איר מוט און פאַרנונפט — זענען די זכרונות „מיט די אויגן פון אַ 12־יעריק מיידעלע".

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער חלוצישער יוגנט, וועלכע איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין מאַי 1942, איז דורך די אָנוועזנדע געוואָרן באַהאַנדלט די באַריכטן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין פוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד און די טעטיקייט אויף ווייטער. דער באַריכט נעמט אַרום דריי יאָר און איז איינגעטיילט אין פיר טיילן.

דער 1־שטער — פון 1/10.39 ביז אַפּריל 1940 — איז די תקופה פון אויסזוכן די חברים פון דער באַוועגונג.

דער 2־טער פון אַפּריל 1940 ביז נאָוועמבער 1940 (ביזן שליסן די טויערן פון געטאָ) — איז די צייט פון אָרגאַניזירן פון דאָס ניי די הכשרה און די יוגנט־באַוועגונג. די אַרבעט דערגרייכט דאַן איר העכסטן פונקט.

דער 3־טער — פון נאָוועמבער 1940 ביז יוני 1941 איז פאַרנומען מיטן קאָנצענטרירן זיך אין די גרעסערע שטעט.

דער 4־טער — פון יוני 1941 (פון דעם טאָג, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד) — ביזן סוף — איז געווען פאַרפולט מיטן גרויסן געראַנגל פון דער באַוועגונג פאַר געפונען אַן אויסוועג.

נישט צו שטאַרבן האָבן זיי זיך געגרייט, נאָר צו קעמפן, כדי ווייטער צו לעבן.

עס איז נאָך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן גענוג אַלץ, וואָס ס'איז געשען, כדי ענדגילטיק פעסטצושטעלן וועגן דעם ווידערשטאַנד פון די יידן לגבי די דייטשישע מערדער. אָבער דאָס, וואָס איז שוין יאָ אויס־געפאָרשט געוואָרן, באַווייזט, אַז הונדערטער טויזנטער יידן האָבן געקעמפט מיט געווער אין האַנט, טיילמאָל אַפילו פרימיטיווע געווער. געקעמפט אין

די געטאָס, אין די לאַגערן, און ווי פּאַרטיזאַנער הינטער דעם פראָנט פון דייטשישן מיליטער.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז נישט געווען דער איינ־ציקער אויפשטאַנד, נאָר ער איז אומפאַרגלייכלעך איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע מיט זיין פאַרנעם — הן לויט דער צאָל פון די קעמפנדיקע, הן לויט זיין דויער, הן לויט די אבידות, וועלכע ער האָט גורם געווען דעם דייטשישן שונא. ער האָט באמת פאַרדינט צו ווערן דער סימבאָל פון יידישער גבורה אין קאַמף מיט די נאַציס. ער איז געווען דער סיגנאַל און די דערמוטיקונג צו מרידה אין אַלע טיילן פון פוילן. ווי אַזאַ וועט זיין אָנדענק פאַרבלייבן אין דער געשיכטע.

דאָס יאָר 1943 איז בכלל געווען אַ יאָר פון אָרגאַניזירטן קאַמף אין פוילן באַרוּסטזיין פון די באַדינגונגען און פון דעם ציל.

אין פסח פון דעם יאָר האָט געקעמפט דאָס וואַרשעווער געטאָ;

דעם 25־טן יוני פון זעלבן יאָר האָבן געקעמפט די יידן פון טשענסטעכאָוו;

דעם 1־שטן און 2־טן אויגוסט זענען פאָרגעקומען קאַמפן אין בענ־דינער געטאָ און אין לאַגער פון טרעבלינקע;

דעם 16־טן אויגוסט איז אויפגעשטאַנען דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ

און דעם 14־טן סעפטעמבער איז פאָרגעקומען דער בונט אין לאַגער פון סאָביבאָר.

אין דעם זעלבן יאָר זענען פאָרגעקומען בונטן פון די יידן אויך אין אַנדערע ערטער.

אין שפּראַך פון די נאַציס לגבי דרויסן האָבן די יידישע קעמפער געהייסן „באַנדיטן". אָבער אין זייערע אינערלעכע באַריכטן האָבן זיי געמוזט אָנערקענען — אויך כדי צו פאַרטיידיקן די אבידות און דאָס „צייטווייליקע" זיך צוריקציען — די גבורה דעם מוט און די מסירת־נפש פון די יידישע קעמפער, וועלכע קיין שום זאך האָט נישט אָפּגעהאַלטן אויסצוגעפינען דעם שונא, אָנהייבן מיט אים אַ קאַמף און זיך נישט צוריקציען, נישט געקוקט אויף דעם ריזיקן אונטערשייד צווישן ביידע צדדים לרעה פון די יידן.

אַדאַנק דעם האָט געפּלאַצט דער חלום פון היטלערן און געבעלסן וועגן דער פאַרטיליקונג, ווי די ענדגילטיקע לעזונג פון יידישן פּראָבלעם, וועלכע זיי האָבן זיך געשטעלט ווי די אויפגאַבע פון זייער לעבן, ווי די אויפגאַבע פון די נאַציס און פאַשיסטן.

דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט שווידערלעכע ליידן, עס איז פאַר־גאָסן געוואָרן פיל יידיש בלוט, מיליאָנען יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן, אָבער דאָס יידישע פאָלק לעבט, שאַפט, פאַרשטאַרקט זיך און פאַרנעמט פון דאָס ניי אַ חשוב אָרט אין דער משפחה פון קולטורעלע פעלקער.

די מדינת־ישראל, וועלכע איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים, פייערט איצט אַ האַלבן יובל פון איר עקזיסטענץ, זי איז היינט די נאַטירלעכע היים פון יידישן פאָלק. אין משך פון דער צייט האָט זי באַוויזן אויפצו־נעמען איבער צוויי מיליאָן יידן. דער ייד איז מער נישט הפקר אויף דער וועלט. די טויערן פון דער מדינה זענען פאַר אים אָפן און ער האָט די מעגלעכקייט צו קומען, אויב ער וויל דאָס, און געפונען ברידער צו שאַפן צוזאַמען און פירן אַ פרייע און בכבודיקע עקזיסטענץ.

ישראל נעמט איצט אויף מיט געפילן פון פרייד און האָפנונג צענד־ליקער טויזנטער עולים פון ראַטנפאַרבאַנד. די חלומות וועגן דעם, אַז די אַסימילאַציע, באַזונדערס די „רויטע", איז אין שטאַנד צו לעזן דאָס יידן־פּראָבלעם, זענען געוואָרן צו־נישט. נאָך פופציק יאָר עקזיסטענץ פון ראַטנפאַרבאַנד, פון שטרענגסטן פאַרבאָט פון יעדער אַרט ציוניסטישער און נאַציאָנאַלער אויפקלערונג, האָט דאָרט דערוואַכט אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס איר איינציקער באַגער איז עליה. נישט בלויז עלטערע, וועלכע האָבן אַמאָל געהערט וועגן ציוניזם, נאָר אויך יונגע, וועלכע האָבן גאָרנישט געוווסט וועגן יידישקייט בכלל און וועגן זייער אייגענער יידישקייט בפרט, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געהערט וועגן די ציוניסטישע שטרעבונגען, האָבן זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג און מיט מסירת־נפש און קלאָרן באַוווסטזיין קעמפן זיי פאַר די רעכט פון עליה. נישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן, וועלכע זענען דערמיט פאַרבונדן.

מיר זענען מתפלל טאָג־טעגלעך, אַז דאָס זאָל דויערן ווייטער און אַז ס'זאָלן אויך געעפנט ווערן די טויערן פון די אַראַבישע לענדער פאַר

עליה פון דער שארית־הפליטה פון די יידן, וועלכע זענען נאָך דאָרטן פאַרבליבן.

די געטאָ־קעמפער, די פאַרטיזאַנער האָבן אַ וויכטיקן חלק אין דער אַנטוויקלונג פון דער נייער געשיכטע פון אונדזער פאָלק — זייער מסירת־נפש און קרבנות־גרייטקייט האָבן געבראַכט געבענטשטע פירות.

ד. ספאַרד

# ווידערשטאַנד

אין משך פון די יאָרן, וועלכע זענען פאַריבער זינט דער נאַצישער פאַרוויסטונג, זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן צענדליקער טויזנטער דאָקו־מענטן, וועלכע דערציילן וועגן די אוממענטשלעכע און אַפילו אומחיהשע אכזריותן פון די נאַצישע בעסטיעס, וועלכע די סאַמע ווילדסטע פאַר־קריפּלסטע פאַנטאַזיע וואָלט זיי זיך אַפילו פאָרשטעלן נישט געקאָנט. אָבער צוזאַמען דערמיט דערציילן זיי אויך וועגן אומבאַשרייבלעכע העלדיש־קייטן, וואָס זענען אין יענע געשפּענסטיקע באַדינגונגען אויסגעוואַקסן צו פאַנטאַסטישע טאַטן, אומאָפּהענגיק פון זייער אָביעקטיווער גרייס אַן־און־פאַר־זיך אין אַלע אַנדערע צייטן.

זיכער איז נאָך ווייט נישט פאַרצייכנט געוואָרן אַלץ פון דעם, וואָס איז געווען גרויזאַם אין יענע חושכדיקע יאָרן פון דער היטלערישער ממשלת־אשמדאי. אָבער באַזונדערס נישט פול און נישט אַלזייטיק זענען ביז איצט געוואָרן באַלויכטן די מאָמענטן פון גבורה, זייער פאַרשידנאַרטי־קייט און פילפאַרמיקייט. די אויסטערלישע באַדינגונגען אין וועלכע זיי זענען צושטאַנד געקומען, וועלכע האָבן פאַראַליזירט יעדן מוט, יעדן ווילן און יעדע איניציאַטיוו פון מענטשן צו ראַטעווען אַפילו דאָס אייגענע לעבן אין פיל פאַלן.

צי איז דער בלויזער פּחד געווען די סיבה, וואָס אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינע צאָל רוצחים האָבן געפירט צו דער שחיטה אַזוי אָפט אָן ווידער־שטאַנד צענדליקער טויזנטער? אָדער אפשר גאָר די אויסזיכטלאָזיקייט, דער עלנט, דער פיינטלעכער אַרום, די דערנידערונג, די פאַרשעמונג, דער פאַראַט פון געוועזענע פריינט און באַקאַנטע און צענדליקער אַנדערע סיבות נאָך נישט אויסגעפאָרשטע ביז איצט — נישט אין זייער באַזונדערקייט און נישט אין זייער צוזאַמענהאַנג?

די ווייסנשאַפט וועגן מענטש, וועלכע עקזיסטירט שוין הונדערטער יאָר, איז אָפּגעווישט געוואָרן דורך דער בלוטיקער פאַרפלייצונג. אין אַ לייבן־גרוב, אין אַן אַטמאָספער פון גרויליקע ענויים און מיתות משונות אַנטשטייט

אַ נייע פּסיכאָלאָגיע און אויף גאָר אַנדערע יסודות. דער שטודיום פון יענע פּינצטערע צייטן, דאָס אַריינדרינגען אין דער טיף פון זייער מהות איז מסוגל צו גרייכן צו גאָר נייע הנחות פון דער מאָראַל, פון דער קונסט און פון דער פּסיכיק פון מענטש. דאָס אַלץ שטייט נאָך פאָר צו טאָן. אָבער שוין איצט זענען פאַר אונדז קלאָר די אַבסאָלוט אַנדערע פּראָפּאָרצן און אינהאַלטן פון דעם צושטאַנד, וועלכן מיר רופן העלדישקייט.

יעדע מינוט בלויז עקזיסטענץ אין אַנבליק פון אומאויפהערלעכע מוראַדיקע שרעקן, אין אַרומרינגלונג פון בייזע חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט, אונטער כסדרדיקע דראָונגען צו ווערן צעריסן אויף שטיקער דורך צערייצטע הינט, אָדער ווערן פאַרברענט לעבעדיקערהייט, אָדער ווערן דערשטיקט, אָדער צוזען מיט די אייגענע אויגן, ווי דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט קינדער, מיט עלטערן, מיט שוועסטער און ברידער — — — יעדע אַזאַ מינוט פון לעבן איז שוין אַן און פאַר זיך געווען אַן אומפאַר־שטענדלעכע גבורה, אַ מיסטישער אַקט פון ווידערשטאַנד קעגן טויט.

אָבער טויזנטער און טויזנטער יידן האָבן פאַרמאָגט אין יענע קאָשמאַרע באַדינגונגען נישט בלויז די קראַפט צו קאָנען לעבן, נאָר אויך צו קאָנען ביחידות און בציבור זיך אַנטקעגנשטעלן פּאַסיוו און אַקטיוו דעם נאַצישן פאַרזעניש. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן פון אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון סאַבאָטאַזש און דערגרייכט צו דרייסטע קאַמפן פון טויזנטער אין פאַרטי־זאַנישע אָפּטיילונגען און צו אָפענער מרידה אין פאַרשידענע לאַגערן און געטאָס מיט דעם העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אין דער שפּיץ, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע, לויט די אָנגעווענדטע לגבי אים אכזריותן און לויט זיין פאַראייניזאַמקייט אין פּיינטלעכן אַרום, אָבער אויך לויט זיין פיזישער און מאָראַלישער גבורה, לויט זיין ווירדיקן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און גלייכצייטיק אויך לויט זיין געפיל פון בשותפותדיקייט און פאַרברידערונג מיט אַלע — — יידישע און נישט יידישע — — פאַרפייניקטע דורך די נאַצישע שדים.

דאָס איז נישט געווען בלויז קיין אינסטינקטיווער דראַנג צום לעבן, נאָר איכותדיק עפּעס אַנדערש, אָדער יעדנפאַלס, איכותדיק עפּעס מער. צו דעם דראַנג פון לעבן, אָדער אַפילו צו דעם דראַנג פון אַ ווירדיקן טויט,

וואָס איז אין טיפערן זין פון וואָרט — אַ ווייטערלעבן, איז נאָך צוגעקומען דער אימפּעראַטיוו פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט, די קראַפט פון דורותדיקער עקשנות, אַ פאַרהאַרטעוועטע אין אומאויפהערלעכע נסיונות, אָבער אויך אַ באַזיניקטע פון איר אייגענער שעפערישקייט אין משך פון יאָרטויזנטער אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון מאָראַל, וויסנשאַפט און קונסט נישט נאָר פאַר דעם אייגענעם פאָלק, נאָר פאַר אַלע פעלקער אויף דער וועלט.

די קעמפער אין די געטאָס, לאַגערן און וועלדער האָבן אין יענע טעג פון בייזער און פינצטערער שנאה און בלוטדורשטיקייט געטראָגן אין זיך די ליכטיקע וויזיע פון אויסלייזונג, פריינדשאַפט און פאַרברידערונג, וועלכע איז פון ד נביאים אָן, און נאָך פריער, געווען דער קוואַל, פון וועלכן אונדזער פאָלק האָט אין די שווערע צייטן געשעפּט מוט, קראַפט און אויסדויער. דער חלום פון יידישן פאָלק אין אַלע יאָרן פון זייַנע וואַגלענישן און פּיין וועגן שיבת־ציון און ביאת־המשיח איז פאַקטיש איין און דער זעלבער חלום, נאָר געזען פון צוויי אַספּעקטן, פון אַספּעקט פון נאַציאָנאַלער גאולה און וועלט־גאולה.

דעם דאָזיקן חלום פון דאָפּלטער אויסלייזונג האָבן געהאַט פאַר זייערע אויגן די העלדישע קעמפער קעגן דער נאַצישער חיה, די אומפאַרגעסלעכע גיבורים פון וואַרשעווער אויפשטאַנד, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט דער פאָן פון דעם לאַנד, אין וועלכן זיי האָבן געקעמפט, אויך אַרויסגעשטעלט די בלוי־ווייסע פאָן — — — דעם סימבאָל פון אַלגעמיינער גאולה דורך אומקערן און רעאַליזירן די גערעכטיקייט לגבי דעם אייביק גערודפטן יידישן פאָלק.

אין דער פאָרליגנדער אויסגאַבע, וועלכע דערשיינט לכבוד דעם 30־סטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איז געגעבן אַ טראָפּן פון דעם אומענדלעכן ים פון צער און גבורה, וואָס טראָגט דעם נאָמען — אומקום פון פוילישן און אייראָפּעישן יידנטום דורך די נאַציס. אָבער יעדער טראָפּן איז אין זיין צוזאַמענשטעל ענלעך צום ים, פאַרמאָגט אין זיך די זעלבע עלעמענטן. אויך אין די וויניקע זייטלעך פון דער דאָזיקער אויסגאַבע זענען געגעבן אייניקע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון דער דעמלטיקער ווירקלעכקייט, וועלכע באַווייזן נישט בלויז די מוראדיקע פּיין פון די יידן,

נאָר אויך זייער ווידערשטאַנד און בונט, וועלכע אין די באַדינגונגען פון זייער אַבסאָלוטער איזאָלירטקייט און פאַראייניזאַמטקייט מחמת דער פּיינט־לעכער באַציונג פון דער אַרומיקער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואַקסן אויס צו אַ לעגענדאַרער גבורה.

שוין אין ערשטן פראַגמענט פון דעם בוך „שלושה ימי קרב" פון שלום־סטעפאַן גראַיעק, איינער פון די אָנפירער פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכער שילדערט אַן אָוונט נאָך דעם ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד, ווערט בולט געוויזן די העלדישע האַלטונג פון די קעמפער. ביי זייער גאַנצן באַוווּסטזיין וועגן דעם אויסגאַנג פון קאַמף, פילט זיך אַרויס פון זייער יעדן וואָרט — סיי ווען זיי שטייען אויף דער וואַך, סיי ווען זיי באַטייליקן זיך אין דער ערשטער סדר־נאַכט — אַן אַנטשלאָסנקייט און רואיקייט. זייער איינגעהאַלטענע מעלאַנכאָליע איז ווי באַלויכטן נישט בלויז מיט דעם שטאָלץ פון ערשטן זיגרייכן טאָג איבער די אַזוי שטאַרק באַוואָפנטע היטלערישע רוצחים, נאָר אויך מיט דעם באַוווּסטזיין פון דער נאַציאָנאַלער און אַלגעמיינער באַדייטונג פון דעם דאָזיקן זיג.

וועגן די גרויליקע ליידן פון דעם יידישן קינד אין יענע יאָרן, וועגן די ענויים פון די דערוואַקסענע און דער באַציונג מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג ווערט איבערגעגעבן מיט אויסגעוויינלעכער אויטענטישקייט, רירנדיקער תמימות און רעאַליסטישקייט אין די „זכרונות פון אַ דריי־צניעריק יינגל".

אין דעם פראַגמענט פון דעם טאָג־בוך פון מרים קאַספּארי דערציילט זיך וועגן די שווערע איבערלעבונגען פון די יידן אויף דער א. ג. אַרישער זייט — פול מיט שרעקן און דראָונגען מצד די שמאַלצאָווניקעס און סתם אַנטיסעמיטן, ביי דעם נאָבעלן פאַרהאַלטן זיך פון איינצלנע, ווי דער באַרימטער פּוילישער שרייבער אַלעקסאַנדער זעלווראָוויטש און זיין משפחה.

גלייכצייטיק מיט די דאָזיקע ליידן ווערט איבערגעגעבן אין דער אויסגאַבע דורך עדי־ראיה און אָנטיילנעמער אין אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס. אייניקע פאַקטן פון יחידישער און קאָלעקטיווער העלדישקייט.

בראַנקע קליבאַנסקי אין איר פאַרצייכענונג „וועגן די צוגרייטונגען צום קאַמף אין ביאַליסטאָקער געטאָ" דערציילט וועגן ערנסטע און אחריותפולע דיסקוסיעס און מיינונגספאַרשידנהייטן, וואָס איז שייך די אופנים און מעטאָדן פון קאַמף און וועגן איבונגען, נישט געקוקט אויף דער קאָשמאַרער אַרומיקער אַטמאָספער, און אויך וועגן דעם אומגעריכטן, האָפנונגסלאָזן און דאָך העלדישן קאַמף.

דאָסגלייכן אין דער גבית־עדות „דער בלוטיקער וועג פון די לאַכוועער יידן" דערציילט דער אָנטיילנעמער און שפּעטערדיקער פּאַרטיזאַן, מרדכי זאַלצשטיין, וועגן דער ווונדערלעכער העלדישקייט פון די לאַכוועער יידן צוזאַמען מיט זייער פאָרזיצער פון יודענראַט, וועלכע האָבן בשעת דער פּלוצמדיקער „אַקציע" פון איבערזידלען דאָס געטאָ, דערהרגעט דעם ס. ד. אָנפירער און נאָך אייניקע דייטשן און פיל יידן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין וואַלד.

די עדי־ראיה און אָנטיילנעמער אין די אויפשטאַנדן אין סאָביבאָר, טרעבלינקע און טשענסטעכאָוו גיבן איבער אויטענטישע בילדער פון דער העלדישקייט פון יידן, וועלכע האָבן מיט ווירדע און גבורה זיך געשטעלט קעגן שונא, גובר זייענדיק אַלע העמונגען פון שרעק.

אַלץ צוזאַמען איז, ווי שוין געזאָגט, אַ טראָפּן אין ים, אָבער אויך דער טראָפּן איז אַ בולטער באַווייז קעגן די, וועלכע צוליב בייזוויליקייט, אָדער אומוויסן באַשולדיקן טאָטאַל דאָס יידישע פאָלק אין גיין, ווי „שאָף צו דער שחיטה". טאָטאַל איז געווען דאָס ווילדע געיעג אויף די יידן נישט בלויז דורך די דייטשן, נאָר אויך דורך זייער פיל פון די פעלקער, צווישן וועלכע די יידן האָבן געלעבט און געשאַפן אין משך פון הונדערטער יאָר. אָבער דער ווידערשטאַנד אין די פאַרשידנסטע פאָרמען און אופנים, צוגע־פּאַסטע צו די געשפּענסטיקע באַדינגונגען פון יענער צייט, האָט גראָד באַוויזן, אַז אַפילו אויפן ראַנד פון אָפּגרונט ווערט דער יידישער גייסט נישט צעבראָכן ענדגילטיק און ער פאַרלירט נישט די האָפענונג אין תחית־המתים.

שלום גראַיעק (סטעפאַן)

# דער חשבון־נפש פון איין טאָג

**מאָנטיק דעם 19־טן אַפּריל.**

אַכט אָוונט האָט זיך שוין נישט געפונען אַפילו קיין איין דייטשישער זעלנער אין תחום פון צענטראַלן געטאָ. די יידישע קעמפער האָבן זיך געקאָנט פריי באַוועגן אין די הייף פון די הייזער. די איינוווינער פון די בונקערס זענען נאָך 17 שעה אָפּזיצן אין אַ פאַרמאַכטן קעלער אַרויסגעגאַנגען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. די ווייניקע קינדער, וועלכע זענען איבערגעבליבן ביים לעבן, איז געוואָרן דערלויבט צו עפענען דאָס מויל — צו רעדן, לאַכן און וויינען... פרומע מענטשן האָבן זיך געשטעלט דאַוונען די תפילה פון ערשטן אָוונט פון יום־טוב פסח. דאָ און דאָרט האָבן יידן אָפּגעריכט עטוואָס ענלעכעס צו אַ „סדר״, לויט דער טראַדיציע — מצות און וויין זענען געווען די עיקרדיקע שפּייז.

מיט די טראַדיציאָנעלע פיר כוסות זענען אַלע געווען באַזאָרגט. אין משך פון דער לעצטער וואָך האָבן די שפּייז־שמוגלער זיך באַמיט אַריינצוברענגען אין געטאָ פלעשער וויין, ווען אפילו אָן דעם הכשר „כשר לפסח״, אין אייניקע בונקערס האָבן זיך אויך געפונען אייער און זאַלץ־וואַסער אויף איינצוטונקען. אַזוי איז טיילוויז איינגעהיט געוואָרן די טראַדיציע פון דער סדר־נאַכט. קיין חרוסת און מרור זענען וואָס אַן אמת נישט געווען, אָבער מיט ביטערניש זענען געווען פול די הערצער פון אַלע, וואָס האָבן געפּראַוועט דעם סדר אין בונקער. מיט גרויס געפיל האָט מען געזאָגט די הגדה, אַקצענטירנדיק ספּעציעל די פסוקים, אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגן פרייהייט און דעם אַרויסגיין פון מצרים. אַלע האָבן אָנגעפילט דעם כוס פאַר אליהו, אָבער נישט אין יעדן בונקער האָט זיך געלאָזט עפענען אַ טיר, אַלס צייכן פון זיין אַריינקום, ווי עס איז אָנגענומען לויט דער טראַדיציע אין די סדר־נעכט.

די קעמפער־גרופּן האָבן געמאַכט דעם חשבון־הנפש פון ערשטן טאָג פון דעם קאַמף אין געטאָ:

די חברים פון זכריה׳ס גרופּע פון נאַלעווקי 33 זענען געווען אין

אַ גוטער שטימונג, ווייל עס האָט זיך זיי איינגעגעבן צו נעמען די בכורה אין אויפשטאַנד און אים אָנהייבן מיט דער „רעכטער פוס״. די איינדרוקן פון די לעצטע שעה׳ן האָבן געלייגט זייער חותם אויף יעדן קעמפער און אים אָנגעפילט מיט שטאָלץ. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הייף פון די הייזער מיט אויפגעהויבענע קעפּ און מיטן געווער אין די הענט, אָפן, ווי זעלנער אויפן פראָנט, אָן שום מורא און פּחד. קיינער האָט דאָך אַזאַ דערגרייכונג זיך נישט פאַרגעשטעלט!

גלייכצייטיק איז קיינער פון די קעמפער נישט געווען מסוגל זיך צו פרייען מיטן פולן האַרץ, נישט געקוקט אויף דעם צייטווייליקן נצחון. דאָס געפיל פון פרייד איז ביי זיי שוין פון לאַנג געווען אָפּגעטייט, פון זינט דעם גירוש, בעת וועלכן זיי האָבן פאַרלוירן זייערע משפחות — זיי אַלע זענען דאָך שוין חדשים לאַנג געווען קיילעכדיקע יתומים.

נישט געקוקט אויף זייער גרויסער מידקייט, זענען די קעמפער נישט געווען מסוגל צו כאַפּן אַ דרימל.

— „אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס פאַראַ געפיל האָבן איצט די דייטשן״ — האָט יעקב געזאָגט מיט אַ טאָן פון שטאָלץ.

— „זיי מאַכן איצט זיכער די רשימה פון זייערע דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע — האָט געענטפערט טוביה און צוגעגעבן — און גרייטן צו בריוו צו זייערע משפחות אין דייטשלאַנד, אַז זיי זענען געפאַלן אויפן פראָנט פאַרן פירער און פאָטערלאַנד״.

— „איך וואָלט זייער געוואָלט זיין איצט אַנוועזנד אין זייער שטאַב״ — האָט זיך געוועריטלט חיים, אָנדייטנדיק אויף דעם חושכדיקן געמיט פון די נאַציס.

— „איך בין גרייט פרייוויליק זיך אַריינצוגנבענען דאָרט. איך וועל זיך אָנטאָן ווי אַ פּוילישער פּאָליציאַנט. צושטיין צו דער וואַך און זיך צוהערן וואָס זיי ריידן״ — האָט ישעיהו געזאָגט האַלב ערנסט, האַלב ווי אין חלום — „ביי דער געלעגנהייט וועל איך מיר אַריינכאַפּן אין קלויסטער, כדי זיך צו געזעגענען מיט מיין קליין שוועסטערל״ — האָט ער צוגעגעבן.

דער לעצטער זאַץ האָט טריב געמאַכט דאָס געמיט פון אַלע אָנוועזנדיקע.

— „איך האָב אויך אַ קליין שוועסטערל אין אַ קלויסטער, צוואַנציק קילאָמעטער פון וואַרשע, — האָט דניאל ווי געטראַכט אויף אַ קול, „איך האָב זי שוין נישט געזען 10 חדשים, ווען איך וואָלט געקאָנט איר געבן אַ לעצטן קוש! זי איז דאָס לעצטע צווייגעלע פון מיין משפחה".

— „מיר איז געבליבן בלויז אַ קוזין, וועלכער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, וועד ווייסט צי ער לעבט נאָך" — האָט אַ זיפּץ געטאָן מאַשע, וואָס אירע צוויי ברידער זענען דאָס לעצטע יאָר אומגעקומען אין טרעבלינקע.

— „ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך וואָלט געקאָנט שיקן אַ בריוו צו מיין ברודער אין ירושלים" — האָט רותי פרייגעלאָזן אירע חלומות.

די טעמע פון דעם שמועס האָט איבערגעריסן אליהו:

— „חברה, אפשר וועלן מיר אַראָפּגיין אין אַ וועלכן ס'איז בונקער און מיר וועלן אויסטרינקען אַ גלעזל ווין לכבוד פסח?"

די קעמפער האָבן שטום מסכים געווען אויף דעם פאָרשלאַג און זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער, זיי האָבן גענומען דאָס געווער און אַראָפּגענידערט צו איינעם פון די בונקערס פון אַ נאָענט הויז. אויף דער וואַך זענען געבליבן מרים און יצחק.

— „עס איז אַריבער אַ טייערער טאָג אין אונדזער לעבן" — האָט מרים געזאָגט — „וויפל טעג, לויט דיין מיינונג, זענען אונדז נאָך פאַרבליבן צו לעבן?"

— „נישט קיין סך" — האָט יצחק געענטפערט — „אפשר ביז מאָרגן, אפשר ביז איבערמאָרגן. איך גלויב נישט, אַז זיי וועלן דערמעגלעכן עמעצן זיך צו ראַטעווען."

— „אפשר וועט היינטיקע וואָך זיך ענדיקן די מלחמה? — האָט מרים געפרווט זיך אַליין טרייסטן.

יצחק האָט אַ שמייכל געטאָן:

— „דאָס וועט זיין אַ נס פון הימל, לעצטנס זענען געשען אייניקע נסים, דער פאַקט, וואָס מירביידע לעבן איז אויך אַ נס, כאָטש אפשר וואָלט בעסער געווען ער זאָל נישט געשעען."

— אַפילו נאָך דעם, וואָס מיר האָבן היינט געטאָן?

— היינט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ווענדונג אין אונדזער לעבן, און ס'איז גוט, וואָס איז פאַרבליבן ווער, וואָס האָט זי געמאַכט.

— האָסט געהערט דעם ענגלישן ראַדיאָ, וואָס עס קומט פאָר אויפן פראָנט?

— דאָס ענגליש־אַמעריקאַנישע מיליטער דערנענטערט זיך קיין איטאַליע, אָבער עס האָט נאָך נישט געלאַנדעט אין פראַנקרייך. זיי האַלטן אין איין אָפּרוקן דעם טערמין — האָט יצחק צוגעגעבן מיט פאַרביטערקייט.

— די סאָוויעטן דערנענטערן זיך צו אונדז, פאַרוואָס קענען זיי נישט אַראָפּוואַרפן אייניקע באָמבעס אויף די דייטשישע קאָנצענטראַציעס אין וואַרשע? — האָט מרים געפרעגט — דאָס איז שווער צו דערקלערן.

רבקה און דוד האָבן זיך אויפגעהויבן אויף דעם אויבערשטן שטאָק צו פאַרבייטן זייערע חברים אויף דעם אָבסערוואַציע־פּונקט.

איצט זענען זיי שוין געווען מענטשן מיט קאַמפּס־דערפאַרונג ממש, אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס זיי זענען געווען מיט צוואַנציק שעה פריער. זייער געמיט־צושטאַנד איז געווען אַ דערהויבענער און זיי האָבן געהאַט אַ געפיל פון באַפרידיקונג. אָבער נישט געקוקט אויף דער גלענצנדיקער דערגרייכונג, האָט דודן באַאומרואיקט נאָך אַ געדאַנק:

— „איך פיל איצט אַלע מיינע אברים אינגאַנצן אַנדערש ווי נעכטן, דאָך פעלט מיר עפּעס. מיר וואָלטן דאָס אַלץ באַדאַרפט טאָן מיט אַ האַלב יאָר פריער. דאָס גיט מיר נישט קיין רו איצט, אפשר מער פון נעכטן, ווייל איך האָב געזען, אַז מען קאָן באַהערשן דעם אָנגריף פון די רוצחים און זיי געבן קלעפּ".

דאַקעגן האָט רבקה געהאַט דאָס געפיל פון פולער באַפרידיקונג, ווי די מערהייט קעמפער, און זי האָט זיך באַמיט צו צעשטרייען זיין ביטערע מחשבה:

—„הער אויף צו טראַכטן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט! דער היינטיקער טאָג דאַרף זיין דער גליקלעכסטער אין אונדזער לעבן. אַז אַ חלום פאַרווירקלעכט זיך, דאַרף מען קענען הנאה האָבן דערפון, נישט צומישנדיק די ביטערניש פון פריער. עס דערוואַרטן אונדז שווערע טעג

און מען דאַרף זיך קאָנצענטרירן בלויז אין דער ריכטונג. איצט פיל איך, אַז ס'האָט זיך צוריקגעקערט צו מיר דער טעם פון לעבן און דער ווילן ווייטער צו לעבן".

— „אויך איך פיל איצט אַן אַנדער טעם אין לעבן, ווי אין די פריערדיקע טעג. דער ווילן צו לעבן האָט זיך אויך ביי מיר געשטאַרקט נאָך דעם היינטיקן דערפאָלג. אָבער איך וואָלט געוואָלט, אַז נאָך הונדערט צי צוויי הונדערט טויזנט יידן זאָלן פאַר זייער טויט זיין עדות פון אונדזער דאָזיקן קאַמף. מיר וואָלטן אויך געהאַט מער קעמפער, ווען מיר וואָלטן אויפגענומען דעם קאַמף מיט די דייטשן בעת די פריערדיקע גירושים.

— ביסט גערעכט — האָט רבקה מסכים געווען — אָבער דאָס איז נישט געשען, די שווערקייטן זענען דיר באַקאַנט, און דאָס פאַרגאַנגענע לאָזט זיך נישט צוריקכאַפּן. איך וואָלט אויך געוועזן צופרידן, ווען אין געטאָ וואָלט געווען כאָטש אַ פערטל מיליאָן יידן. אָבער איצט דאַרף מען לעבן מיט דעם גרויסן טאָג, וועלכער איז געשען אין דער ווירקלעכקייט.

— אַ סך טוער זענען שולדיק אין דעם, וואָס מיר האָבן נישט אָנגע־הויבן פריער. ס'איז מיר שווער ביז איצט זיך צו באַפרייען פון דעם פאַקט.

רבקה האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין אירע רעיונות ערגעץ ווייט און געפרעגט:

— דוד, צי קלערסטו, אַז ווער פון אונדז וועט נאָך קאָנען זיך דערשלאָגן אַמאָל קיין ישראל און דערציילן אונדזערע משפחות און פריינט, וואָס איז פאָרגעקומען?

— איך צווייפל זייער שטאַרק, צי עמעצער פון אונדז וועט פאַרבלייבן. נאָר ווער ווייסט, אפשר?

— איך האָב אַ חבר אין אַ קיבוץ אין ארץ־ישראל. ער איז אַוועק פון דאַנען איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכן מיט דער אומלעגאַלער עליה. איך וואָלט באַדאַרפט פאָרן מיט אים צוזאַמען אין אָקטאָבער 1939. ער וואַרט דאָרט זיכער אויף מיר — האָט רבקה געזאָגט מיט אַ זיפץ, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

— צי האָסטו באַקומען אַ בריוו פון אים אין דער צייט פון דער מלחמה?

— איך האָב דערהאַלטן אַ גרוס דורך דער שווייץ. אָבער דאָס איז געווען סוף 1940. פון דעמלט האָב איך קיין שום ידיעה נישט. מיט אַ יאָר צוריק האָב איך געזען זיינע עלטערן אין געטאָ. דערנאָך זענען זיי פאַרשוווּנדן. זיכער אַרויסגעשיקט געוואָרן. ער האָט אויך געהאַט אַ שוועסטער. נאָר זי איז געוואָרן דערשאָסן דורך די נאַציס ביים איבערפירן אונטערערדישע פרעסע.

— איך האָב אַ פעטער אין אַמעריקע און אַ קוזין אין ארץ־ישראל. כ׳האָב נישט באַקומען פון זיי קיין שום ידיעה. אויסער דער משפחה, האָב איך געהאַט אַ נאָענטע חברטע אין געטאָ, אָבער אַלע זענען פאַרשוווּנדן, פאַרבליבן איז מיר בלויז דער רעוואָלווער.

דוד האָט לייכט אַ גלעט געטאָן די שוואַרצע האָר פון רבקהן. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ וואַרעם געפיל, ווייל שוין צוויי חדשים, אַז ער האָט זיך נישט געפונען אַליין מיט אַ פרוי. רבקה האָט אים אַ קוש געטאָן און אין דער זעלבער צייט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר חבר אויף יענער זייט פון ים.

נאָך צוויי שעה שטיין אויף דעם אָבסערוואַציע־פּונקט זענען רבקה און דוד פאַרביטן געוואָרן דורך צוויי אַנדערע קעמפער און זיי זענען אַראָפּ אין בונקער און זיך מצרף געווען צום טרינקען די טראַדיציאָנעלע פיר כוסות פון דער סדר־נאַכט.

11 ביינאַכט האָבן זיך די קעמפער צוריקגעקערט צו זייערע פּאָזיציעס. זיי האָבן, ווי געוויינלעך, אויסגערייניקט זייער געווער פאַרן שלאָף און זיך געלייגט שלאָפן לויט דער ריי, צוגרייטנדיק זיך צום מאָרגנדיקן טאָג מיטן געווער אין דער האַנט.

די ווייניקע, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן דעם ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד אויף דעם שטח פון צענטראַלן געטאָ, זענען געבראַכט געוואָרן אויף דעם „אומשלאַג־פּלאַץ“, וואָס הינטער דער צפונדיקער געטאָ־וואַנט, אויף דער גרענעץ פון דער אַרישער זייט. ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען די גאַסן פון געטאָ אונטער דער שטרענגער

וואָך פון דייטשן, באַוואָפנטע מיט ביקסן און אויטאָמאַטיש געווער געלאָדנט צו שיסן, איז זייער געפיל געווען אַן אַנדערשדיקס פון דעם, וואָס עס האָבן געפילט די, וועלכע זענען געפירט געוואָרן מיט וואָכן, אָדער חדשים צוריק, איידער ס'האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. זיי האָבן שוין געוווסט וועגן דייטשן דערהרגעטע דורך די געטאָ־קעמפער. מען האָט זיי דאָס דערציילט, ווען זיי זענען נאָך געזעסן אין די קעלערס. אויף דעם וועג צום „אומשלאַג־פּלאַץ" האָבן זיי נאָך געקאָנט זען די פיל בלוט־פלעקן אויף די גאַסן — דאָס בלוט פון די נאַציס, וועלכע זענען געוואָרן דערהרגעט, אָדער פאַרוווּנדעט.

זיי האָבן געוווסט, אַז מען פירט זיי אין טויט־לאַגער. אָבער זיי האָבן געהאַט די באַפרידיקונג, וואָס זייער פאָלק האָט זיך נוקם געווען אין די רוצחים. ס'איז איצט גרינגער געווען צו שטאַרבן, ווי מיט אַ טאָג צוריק.

די לאַסט־וואַגאָנען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף די שינעס נאָענט פון זאַמל־פּלאַץ האָבן געפירט קיין טרעבלינקע, אַ טויט־לאַגער, וועלכער האָט זיך געפונען 90 קילאָמעטער אויף מזרח פון וואַרשע. דער דאָזיקער לאַגער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אָנהייב זומער 1942, לויט דעם באַפעל פון הימלערן. אין חודש יולי האָט ער „אַבסאָרבירט" די ערשטע אויסגע־זידלטע פון וואַרשעווער־געטאָ. ביז זיין אַנטשטיין זענען געווען טעטיק, אָנהייבנדיק פון פרילינג, די טויט־לאַגערן אין בעלזשעץ און אין סאָביבאָר. אַהין זענען געבראַכט געוואָרן פוילישע יידן פון אַנדערע שטעט, דער עיקר פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, און פון אָקופּירטע לענדער אין צענטראַל און מערב־אייראָפּע. די פאַרטיליקונג אין די דאָזיקע לאַגערן איז דורך דער דייטשישער מאַכט געוואָרן אָנגערופן „אָפּעראַציע ריינהאַרד", אויף דעם נאָמען פון דעם לייטער פון „צענטראַלן רייכס־זיכערקייטס־אַמט" — ריינהאַרד היידריך; היידריך איז דערשאָסן געוואָרן דורך די טשעכישע אונטערערדישע קעמפער בעת זיין באַזוך אין פּראַג אין מאַי 1942. אין שפּיץ פון דער „אָפּעראַציע — ריינהאַרד" איז געשטאַנען דער גענעראַל גלאָבאָצניק. זיין זיץ אָרט איז געווען לובלין, וואָס אַרום איר זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די דאָזיקע טויט־לאַגערן. אין הסכם מיט זיין

אַמט, איז ער געשטאַנען אין שפּיץ פון די אַלע לאַגערס (איינשליסלעך די לאַגערס פון מיידאַנעק און לובלין) און איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן די קאָמענדאַנטן פון די לאַגערס און דער צענטראַלער מאַכט איי בערלין.

זייער ווייניק פון די יידן, וועלכע זענען געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטרינען פון די נעגל פון די נאַציִשע וואַכן, וועלכע האָבן באַגלייט די וואַגאָנען פון וואַרשע. אייניקע פון די יידן, וועלכע האָבן אויף דעם „אומשלאַג־פּלאַץ" זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין די וואַגאָנען און זיך געראַנגלט מיט די דייטשן, זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אַנדערע, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט אַרויס־צושפּרינגען פון די וואַגאָנען בשעת דעם פאָרן און נישט געטראָפן ווערן דורך די קוילן פון דער וואַך, האָבן נאָך וואַגלענישן צוריקגעקערט קיין וואַרשע און דערציילט וועגן דעם ציל פון דער אויסזידלונג.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט די ידיעות פון די אַנטלאָפענע פון די טויט־וואַגאָנען באַקאַנט געמאַכט דער ברייטער עפנטלעכקייט דורך פאַרשפּרייטן אויפרופן און מודעות אויף די ווענט פון געטאָ. אָנשטאָט די דייטשישע אויפרופן וועגן דער „איבערזידלונג", וועלכע האָבן געצילט צו איבערצייגן די יידן, אַז מען פירט זיי איבער אין די מזרח־געביטן פאַר־צוזעצן זייער אַרבעט — האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגעניזאַציע געבראַכט באַווייזן, אַז דער „מזרח־געביט" דאָס איז דער טויט־לאַגער אין טרעבלינקע און האָט גערופן צו אַקטיוון ווידערשטאַנד. נישט אַלע יידן האָבן געגלויבט, אַז מען קאָן פאַרטיליקן אַ גאַנץ פאָלק. דאָך האָבן די אויפרופן, דאָסגלייכן די עדות, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די וואַגאָנען, באַוויזן צו איבערצייגן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אין די אמתע כוונות פון די דייטשן.

שוין אייניקע חדשים פאַר דעם האָט די אונטערערדישע פּרעסע, וועלכע איז דערשינען אין וואַרשעווער געטאָ אין דריי שפּראַכן, יידיש, העברעיש און פּויליש, פאַרשפּרייט ידיעות וועגן די נאַציש̣ע מעשים און גערופן צו זעלבסטפאַרטיידיקונג.

דער אונטערערדישער ביולעטין „ידיעות" האָט געשריבן אין נומער פון 9־טן יולי 1942:

„דאָס וואַרשעווער געטאָ לעבט אונטערן צייכן פון כסדרדיקער סכנה. זיין פליכט איז צו לעבן אַ לעבן פון אַ פעסטונג אין באַלאַגערונג. אַלע מיטלען צו זיין פאַרטיידיקונג, צום אָנשטרענג פון די לעצטע כוחות, די גאַנצע ענערגיע — צום גרויסן טאַט, וואָס שטייט אונדז פאָר צו טאָן — און אַלע אונדזערע טאָג־טעגלעכע מעשים זענען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון מצדה".

אינעם פאָרלעצטן נומער פון די „ידיעות", וועלכער איז דערשינען דעם 18־טן יולי 1942 — אַלזאָ 4 טעג פאַר דעם אָנהייב פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, ווערט געבראַכט אַ ידיעה וועגן דעם טויט־לאַגער אין בעלזשעץ:

„עדות, וועלכע האָבן דאָס אַליין געזען גיבן איבער, אַז ווען די באַן פאָרט דורך בעלזשעץ ווערן פאַרמאַכט די פענצטער אויף זעקס מינוט, צוליב דעם ריח פון די קערפּערס, וועלכער פילט אָן די לופט אַרום דעם דאָזיקן שרעקלעכן טויט־לאַגער".

נאָך דער מאַסן־אויסזידלונג פון וואַרשעווער געטאָ האָט די צייטונג „אויף דער וואַך" פון 20־סטן סעפּטעמבער 1942 געשריבן:

„מיט אַ רוצחישער גיריקייט זענען די ס. ס. סאָלדאַטן באַפאַלן די יידישע שוצלאָזע מאַסן. אין די זומער־חדשים 1942 איז אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט דער גרעסטער פון די יידישע ישובים אין אייראָפּע — דאָס וואַרשעווער געטאָ.

„ווי די שאַקאַלן האָבן זיך אַריינגעריסן די היטלעריסטישע באַנדיטן־באַנדעס אין יידישן וואַרשע, פאַרנאַרט די שוצלאָזע יידישע מאַסן און מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי אַרויסגעפירט צום טויט 350 טויזנט יידן".

„אין אָנבליק פון דער פאַרטיליקונג, וועלכע שטייט נאָך פאַר דעם רעשט פון יידן אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט — דאַרף מען פעסט־שטעלן: פון דער זייט פון היטלעריזם האָבן מיר צו דערוואַרטן בלויז טויט און פאַרטיליקונג. ...מיר טאָרן זיך נישט לאָזן ווייטער אָפּנאַרן מיר דאַרפן זיך אַנטקעגנשטעלן דעם פיינט מיט אַלע מיטלען, וועלכע זענען אין אונדזערע מעגלעכקייטן".

און דאָס אַרטיקל ענדיקט זיך מיט די דאָזיקע ווערטער:

„שטייט אויף דער וואַך! דערלאָזט נישט, אַז מען זאָל אייך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה! ס'איז בעסער צו שטאַרבן מיט כבוד פון אַ קויל, איידער ווערן דערשטיקט פון גאַז אין טרעבלינקע"!

אַ טייל פון די געטאָ איינוווינער, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דעם טויט־לאַגער פון אוישוויץ — אין דרום פוילן, צווישן קראָקע און קאַטאָוויץ.

דער אוישוויץ־לאַגער, וועלכער איז געווען דער גרעסטער טויט־לאַגער, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך די נאַציס, האָט זיך אויסגעשפרייט אויף אַ שטח פון כמעט 40 קילאָמעטער און איז געווען איינגעטיילט אין פיליעס. יעדע פון זיי איז געווען ביי אַ דאָרף, וואָס זיינע שטענדיקע איינוווינער זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַנדערע געגנטן. אין אַ טייל פון זיי זענען געווען אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט די אַרעסטירטע ס'רוב (ביי 90%) יידן און אַ מינדערהייט — בירגער פון פאַרשיידענע אייראָפּעישע לענדער. די שוואַכע, וועלכע זענען נישט געווען פעיק צו דער אַרבעט, זענען געוואָרן געטייט אין די גאַז־קאַמערן, וועלכע זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין הארבסט 1941. אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד זענען פיל אַרעסטירטע געבראַכט געוואָרן דירעקט צו די קרעמאַטאָריעס.

נישט געקוקט אויף די אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן געלעבט די אַרעסטירטע אין אוישוויץ, איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַנטי־נאַצישע אונטערערד. די אונטערערדישע גרופּן האָבן אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג צווישן זיך און האָבן אויסגעפירט סאַבאָטאַזש־אַקטן בעת זייער אַרבעט אין די אונטערנעמונגען. פיל אַקטיוויסטן זענען אומגעקומען אין די אויוונס, נאָר שטענדיק זענען געקומען אַנדערע אויף זייער אָרט. בלויז איינצלנע פון זיי זענען געבליבן ביים לעבן.

אַ גרופּע אַרעסטירטע יידן פון לאַגער אין טרעבלינקע, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט דורך די דייטשן ביים ברענגען אין אָרדענונג די זאַכן פון די דערמאָרדעטע, האָבן — מיט פיר חדשים שפּעטער, אין אויגוסט 1943 — אָנגעהויבן אַן אָרגאַניזירטן אויפשטאַנד קעגן דער

שטאַרקער נאַצישער וואַך. זיי האָבן אָנגעגריפן די דייטשן און אַנטלאָפן פון לאַגער, וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. אַ טייל מענטשן פון דער גרופּע האָט זיך געראַטעוועט.

אַן ענלעכער אויפשטאַנד איז אין דער זעלבער צייט אויסגעבראָכן אין לאַגער פון סאָביבאָר.

- 10 -

Locker,Reiss,Neustadt,

L o n d y n - Tel-Aviv

Zr/10

Drodzy,

Telegramy Lockera,Szwarcbarda oraz Komitetu Jiszuwu otrzymaliśmy. Bardzo nas nas pokrzepiła wiadomość o rozwoju odbudowy Palestyny, o walce jednostek wojskowych żydowskich na wszystkich frontach, o nadziei na bliskie odzyskanie pełnej niezależności. Oby się w niedalekiej przyszłości ziściły nasze marzenia,mimo że odrodzenie przyszłoby spóźnione,po krwawej stracie [illegible] jednej trzeciej naszego narodu.

Zostało nas niewielu. Zginęli niemal wszyscy nasi działacze i aktywiści, wśród nich: Jochanan Morgensztern, Radunski, Fiszelzon, Lichtensztejn, [illegible], Katz, Sytner, Rachela Szteinowa z mężem, inż. Feigenbaum, Dr. [illegible], [illegible], Gutkowski, Parzenczewski, Opoczyński, Fechtkopf, Majerowicz, [illegible]

Z tych co pozostali jeszcze przy życiu, znajduje się [illegible] obozach i los ich jest przesądzony. /Sarejski, Szmidt i inni/. [illegible] nami w kontakcie Maksymilian [illegible] z Krakowa. [illegible] pomagamy jej.

Pozostałe nasze niedobitki żyją w koszmarnych warunkach, pod ciągłą groźbą śmierci.

Każdy dzień przeżyty uważamy za czysty przypadek; śmierć za [illegible] nam spowszedniała, aby się jej lękać. W warunkach naszego życia [illegible] tniego roku, wobec których piekło dantejskie wydaje się sielanką, [illegible] ła się w nas nowa mentalność, nowa postawa psychiczna. [illegible] jest [illegible] siłą, to ta, że wbrew i na przekór wszystkiemu, ostała się [illegible] ideowa, która kierowała naszymi czynami. Zasługa zresztą nie nasza, lecz [illegible] wartości, które wessały nam w krew.

Te właśnie wartości sprawiły, że od nas, od obozu pracującej Palestyny, [illegible] ła inicjatywa oporu i walki.

Przesyłamy pozdrowienia "chisku weimcu" naszym braciom, walczącym [illegible] cym dla wspólnego lepszego jutra w odrodzonej Palestynie.

W otchłani naszej, krzepi nas myśl i wiara, że wy tam w znoju [illegible] budujecie naszą wolną socjalistyczną Palestynę.

Warszawa, 15 listopada 1943.

Józef Sack, Lejzer Lewin, Szalom Grajek,
Cywja, Icchak.

P.S.
Pozdrawiamy Ariego i towarzyszy oraz wszystkich przyjaciół. Grajek pozdrawia serdecznie Bertę, [illegible], [illegible], Chaima, Lucka i Hanusię.

אַ בריוו פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשע פון 15.11.43
קיין לאָנדאָן, איבערגעשיקט דורך די קאַנאַלן פון דער פּוילישער לאָנדאָנער רעגירונג.

לייב קוויטקאָ

# טראגט די שטאט איר שווערן גורל

טראָגט די שטאָט איר שווערן גורל
פאַר דעם וויסטן טאָג און נאַכט,
ציילט זי שטיל די יאָרן איבער
פאַר דעם וויסטן טאָג און נאַכט. —
זאָגט אָפּ ווידוי,
שליסט די אויגן,
טראַכט:
„כ׳וועל צו חלום אפשר קומען
יענעם זון־קוואַל
אינעם וויטן פרייקייט־פּרי,
איך וועל זאָגן:
„זון־קוואַל־לויטער,
איך בין חלום
פון אַן אַלטער
שטאָט אַ טויטער,
יידן־שטאָט.
„אין פאַרשטאָפּטן לאַנד געאָטעמט,
פון פאַרשטאָפּטן פאָלק געפּייניקט,
יידן־שטאָט״.
„וועלן קינדער אפשר קומען
ביי דעם זון־קוואַל פּירן שפּילן,
און פון זון־קוואַל הערן מעשיות. —
און פון טיפן האַרץ פאַרשווייגן,
אָט דאָס פאָלק פון לאַנד פאַרשטאָפּטן.
און ביז טיפן בלוי געדענקען
און אַ לידל צערטלעך זינגען
יידן־שטאָט״.
נאָך דער טויטער שטאָט, דער אַלטער

# זכרונות פון א 13־יעריק ייִנגל*

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן די פּויליש־דייטשישע מלחמה. דעם 28־טן סעפּטעמבער זענען די דייטשן אַריין קיין וואַרשע. ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין קיין וואַרשע אויפֿן צווייטן טאָג האָבן זיי שוין אָנגעהויבן ראַבעווען ביי די יידישע סוחרים און געכאַפּט מענער צו שווערער אַרבעט. צווישן אַנדערע יידן האָבן זיי אויך געכאַפּט מיין פאָטער. די דייטשן האָבן געשלאָגן די יידן ווי הינט, דער טאַטע האָט געאַרבעט פון 6 פרי ביז 10 אָוונט. נאָך דער אַרבעט איז דער טאַטע געקומען אַ היים אינגאַנצן אַ צעבראָכענער. די ביינער האָבן אים ווי געטאָן פון אַרבעט און פון די קלעפּ, דריי טעג האָט ער נישט געקענט שלאָפן. אין שטוב זענען מיר געווען פינף (קינדער) מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען צוזאַמען זיבן. דער עלטסטער ברודער איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר די דייטשן. אין וועג האָבן די דייטשן געכאַפּט מיין ברודער אויף אַרבעט, צונעמענדיק ביי אים דערביי די דאָקומענטן און דעם פאַלטן. סוף־כל־סוף האָט ער זיך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק, ווו עס איז געווען סאָוויעטיש מיליטער. אין ביאַליסטאָק האָט ער זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט קיין מינסק, ער האָט דאָרט געאַרבעט אַ יאָר צייט, באַקומען אורלויב און איז אַוועקגעפאָרן צום פעטער וועווקע קיין טאַשקענט. דעם 3־טן דעצעמבער 1940 פרי איז געקומען דער פאָסט־טרעגער און אונדז געבראַכט אַ שפּייז־פּעקל און אַ בריוו פון ברודער אין רוסלאַנד. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט, וואָס מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה פון ברודער. דאָס פּעקל וואָלט אונדז צו־נוץ געקומען, נאָר די מאַמע האָט דאָס פּעקל פאַרקויפט און באַקומען עטלעכע צענדליק זלאָטעס, וועלכע זענען געווען נויטיק צום האַנדל.

דעם 15־טן נאָוועמבער 1940 האָבן די דייטשן פאַרנומען די יידן אין געטאָ, וואָס זיי האָבן אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער וואַנט. שפּייז־אַרטיק־

* די זכרונות זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין פּויליש אין 3/44. די איבער־זעצונג איז אַן אויטענטישע — אָן שום גראַמאַטישע און סטיליסטישע אויס־בעסערונגען.

לען זענען באַלד טייער געוואָרן דעריבער האָט דער ברודער מיט מיר זיך אַריבערגעגנבעט דורך דער „וואַנט" אויף דער אַרישער זייט צו קויפן קאַרטאָפל און ברויט און אַזוי אַרום פאַרדינען אויף דעם אויסהאַלטן פון אונדז און פון די עלטערן. דאָס אַריבערגייען דורך דער „וואַנט" איז געווען זייער געפערלעך, ווייל יעדן יינגל, וואָס די דייטשן האָבן געכאַפּט, האָבן זיי דערשאָסן, דאָך האָבן איך מיט מיין ברודער געמוזט זיך דורכ־גנבענען, ווייל אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן און דער טאַטע האָט נישט געקענט פאַרדינען, ווייל מענער האָט מען כסדר געכאַפּט צו אַרבעט און אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט און אַרויסגעשיקט אין די לאַגערס האָבן מיר שוין געוואָלט ריזיקירן איידער אומקומען פון הונגער און אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעבט אַ פּאָר וואָכן. נאָך אַ פּאָר וואָכן האָט אַ פּאָלי־ציאַנט געכאַפּט מיין ברודער און צוגענומען ביי אים די גאַנצע סחורה. האָבן מיר נישט געהאַט פון וואַנען צו לעבן זענען מיר אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע נאָך סאַכאַרין, אויף וועלכער איך וואָלט געקענט פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. צום באַדויערן אין קראָם אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ האָבן מיך פאַרהאַלטן צוויי זשאַנדאַרמען וועלכע האָבן מיר געדראָט אַז זיי וועלן מיך דערשיסן ווייל איך בין אַ ייד. נאָר זיי האָבן מיר בלויז אָפּגעפירט אין 11־טן קאָמיסאַריאַט אויף פאָזנאַנסקע 13.

איך בין געזעסן 48 שעה נאָך דער צייט האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט און באַפוילן צוריקקערן אין געטאָ איך האָב אויפן וועג צונויפגענומען 3 זלאָטעס און אַ ביסל ברויט און איך בין צוריקגעגאַנגען אין געטאָ. אין אַ פּאָר טעג בין איך ווידער אַרויס פון געטאָ און געגאַנגען צו דער האַלע אויף דער קאָשיקאָווער גאַס דאָרט האָט מיך צום באַדויערן ווידער גע־כאַפּט אַן אָפיצער פון ס.ס., וועלכער האָט מיך אָפּגעפירט אויף דעם 11־טן קאָמיסאַריאַט אויף דער פּאַנסקע־גאַס. דאָרט האָט ער מיך שרעקלעך צושלאָגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ און דערנאָך באַפוילן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט אָפּצופירן מיך אויפן פּאָסטערונעק פון דער דייטשישער זשאַנ־דאַרמעריע זיי זאָלן מיך דערשיסן אויף מיין גליק איז פאַר דעם אַרייַנ־גאַנג אין געטאָ געשטאַנען אַ גוטער זשאַנדאַרם ער האָט מיר צוויי מאָל

דערלאַנגט איבערן קאָפּ און באַפוילן צו אַנטלויפן אין געטאָ. אומקערנדיק זיך אַהיים האָב איך זיך דערוווּסט אַז מיין ברודער זיצט שוין דריי טעג אין קאָמיסאַריאַט פאַר אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט צו פאַרדינען אויף ברויט. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז דעם 22־טן יולי 1942 יאָר דאָס הייסט דעם טאָג ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיקן די יידן אויף מזרח וואָס האָט זיך אין אַ פּאָר טעג אַרויסגעוויזן נישט אמת, ווייל אַנשטאָט אויף מזרח האָט מען זיי אַרויסגעשיקט קיין טרעבלינקע אויף טויט. אַזוי ווי שפּייז־אַרטיקלען זענען אין געטאָ גלייך שרעקלעך טייער געוואָרן און דאָס אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט איז געווען אוממעגלעך מחמת די וואַנט איז געווען באַשטעלט מיט אוקראַינער און לעטן וועלכע האָבן אָן רחמנות געשאָסן צו יעדן איינעם. עטלעכע טעג פאַר דער בלאָקאַדע איז מיין יינגסטער ברידערל לעאָן געגאַנגען אין געטאָ כדי צו שאַפן שפּייז פאַר די עלטערן. אין ערשטן טאָג פון דער בלאָקאַדע האָט מען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע מיין ברודערל, די מאַמע, דעם טאַטן און די שוועסטער, וועלכע זענען דאָרט אומגעקומען. איך בין געבליבן אַליין מיטן ברודער פאַרלאָזט פון אַלעמען און מיר האָבן געמוזט זיך סטאַרען צו פאַרדינען אויפן לעבן. — דעמאָלט האָבן די דייטשן און די פּוילישע פּאָליציי געמאַכט אַבלאַוועס אויף יידן אין דעם אַרישן קוואַרטאַל. זיי האָבן געכאַפּט אַסך אונדזערע קאָלעגן, נאָך דער אַבלאַווע. אין געטאָ האָט מען אָן איבעררייס ווייטער אַרויסגעשיקט יידן קיין טרעבלינקע. האָב איך דעריבער זיך אָפּגערעדט מיטן ברודער צוריקקערן אין געטאָ כדי אין די פאַרלאָזטע דורך די יידן דירות זוכן פאַר זיך אָן אָנצוג אָדער שיך ווייל דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אָנטועכץ. מיין ברודער האָט זיך אַליין צוריקגעקערט אין געטאָ ווו ער האָט זיך באַקענט מיטן הער קאָהן וועלכער האָט אים גענומען צו זיך אַהיים. אין עטלעכע טעג איז דער ברודער גע־קומען נאָך מיר און מיר זענען ביידע אַוועקגעגאַנגען צו קאָהנען ווו מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע חדשים. דעם 15 יאַנואַר 1943 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַן אַקציע זיי האָבן נאָכאַמאָל אַרומגערינגלט דאָס געטאָ מיט אוקראַינער און אָנגעהויבן אַרויסנעמען פון די הייזער אויף

אַוועקשיקן קיין טרעבלינקע. ווער עס האָט געקאָנט האָט זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער. צום באַדויערן האָבן די דייטשן אויפגעדעקט פּיל בונקערס און די יידן וועלכע זיי האָבן געפונען האָבן זיי געשאָסן אויפן אָרט. איך מיטן ברודער האָבן זיך אויך פאַרבאַהאַלטן. צום גליק האָט מען אונדז נישט געפונען, מיר זענען ווייטער פאַרבליבן ביים הער קאָהן אויף מילא 49, וווינונג 25. אין מערץ 1943 האָב איך מיר אַרויסגעגנבעט פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, ווייל עס האָט זיך ווידער געגרייט אַ בלאָקאַדע. און פאַקטיש דעם 19־טן אַפּריל האָבן די דייטשן אָנגעהויבן די לעצטע אויסזידלונג פון די יידן. עטלעכע טעג פאַר דער אַקציע איז מיין ברודער אויך אַנטלאָפן פון געטאָ און מיר זענען געוועזן צוזאַמען אויף דער אַרישער זייט. ס'איז אונדז געוועזן גוט, ווייל אַ סך באַרעמהאַר־ציקע מענטשן האָבן אונדז אונטערשטיצט. די לעצטע אַקציע האָבן די דייטשן דורכגעפירט זייער בלוטיק ווייל זיי האָבן אַ סך מענטשן דערשאָסן אויפן אָרט און די הייזער האָבן זיי פאַרברענט צוזאַמען מיט די מענטשן אין די בונקערס. אונדזער אָפּיעקון מיט זיין זון האָבן זיי אַרויסגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין לובלין. אויפן וועג האָט זיך קאָהנס זון איינגעגעבן צו שפּרינגען פון וואַגאָן אין אַטוואַצק האָט מען אים אונטערגעשאָסן אַ פוס אָבער ער האָט זיך דערשלעפּט קיין וואַרשע, אָפּגעפונען מיך מיטן ברודער און מיר האָבן געמוזט זיך אָפּגעבן מיט אים. אומקערן זיך צוריק אין געטאָ האָט מען נישט געקענט ווייל אַלע הייזער ווו יידן האָבן געוווינט זענען געוואָרן פאַרברענט און מיר זענען געגאַנגען איבער די הייזער ווו באַרמהאַרציקע מענטשן האָבן אונדז געגעבן אַ פּאָר גראָשן פאַר וועלכע מיר האָבן געקויפט קודם־כל רפואות און באַנדאַזשן פאַר אונדזער קאָלעגע. מיט אונדזער קאָלעגע זענען מיר געוועזן אין דרייען נאָך 6 טעג ווייל עמעצער האָט אונדז געמסרט פאַר דער פּאָליציי, וועלכע האָט אַרומגערינגלט אונדזער באַהעלטעניש אין דרעשער־פּאַרק ביי דער גאַס אָדיניעץ. מיין ברודער און קאָהנס זון האָט מען געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין קאָמיסאַריאַט אויף דער אָדאלינסקע גאַס פון וואַנען מען האָט זיי אויסגעליפערט אין די הענט פון די דייטשן. מיך האָט אויך פאַרהאַלטן אַ פּאָליציאַנט, אָבער איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון זיינע

הענט און אַדאַנק דעם האָב איך זיך אָפּגעראַטעוועט. דער ברודער מיטן קאָלעגע האָבן דאָס נישט געקאָנט טאָן ווייל דער קאָלעגע איז געווען פאַרוווּנדעט אין אַ פוס און ער האָט נישט געקאָנט אַנטלויפן און מיין ברודער האָבן די פּאָליציאַנטן נאָך מיין אַנטלויפן זייער פעסט געהאַלטן, דערביי האָט צום מערסטן זיך אויסגעצייכנט אין דעם דער פּוילישער פּאָליציאַנט, וועלכער וווינט אויף דער וויקטאָרסקאַ גאַס נומער 3 אויפן פּאַרטער. נאָכן פאַרנעמען דעם קאָלעגע און דעם ברודער בין איך ווידער געבליבן איינזאַם פון אַלעמען פאַרלאָזט. אין געטאָ האָב איך שוין אויך זיך נישט געקענט צוריקקערן ,ווייל די דייטשן האָבן אַלע יידן פון וואַרשעווער געטאָ אַרויסגעפירט אויף טויט קיין לובלין, פּאָניאַ־טאָוו און טרעבלינקע אויך קיין טראַווניק. איך בין אַזוי אַרום געווען אַליין אויף דער אַרישער זייט. איך גיי דורך דעם פּלאַץ „אוניאַ לובעלסקא” און עס פאַרהאַלט מיך אַ פאָלקס־דייטש מיט אַן אויסגעשריי ייד!! איך וועל דיך אָפּפירן צו די דייטשן און ער האָט אָנגעהויבן מיט אַלע כוחות רופן די פּאָליציי. אויף מיין גליק איז אין דער נאָענט נישט געווען קיין פּאָליציאַנט און איך האָב אים שטאַרק אַ ביס געטאָן אין האַנט און אויף אַזאַ אופן האָב איך געקאָנט אַנטלויפן, ער האָט מיך וואָס אַן אמת זייער לאַנג נאָכגעיאָגט נאָר צום גליק האָט זיך אים נישט איינגעגעבן מיך צו כאַפּן. דער דאָזיקער פאָלקס דייטש וווינט אויף דער ראָצימסקאַ 13 אין פראָנט, פערטער שטאָק. אין מיין אַרומוואַלגערן זיך האָב איך אויך אָנגעטראָפן אַ סך באַרמהאַרציקע מענטשן, אַדאַנק וועלכע איך האָב זיך געקענט איינהאַלטןביים לעבן און נאָכן צונעמען מיין ברודער ווען איך בין אַ ווײַנענדיקער געשטאַנען אין גאָרטן איז צוגעגאַנגען צו מיר די פרוי ד. וועלכע האָט מיך באַרויקט, אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים מיר געגעבן פרישטיק, 30 ז״ל און געזאָגט איך זאָל קומען צו איר אָפט. צוויי טעג נאָכן פאַרנעמען מיין ברודער האָב איך געטראָפן אויף דער ראַקאָוויעצקאַ גאַס אַ יידיש יינגל, חיים בורשטין, וועלכער איז אַלט געווען 12 יאָר איך האָב אויך אַזוי 13 יאָר, וועלכער איז פּונקט ווי איך געבליבן אַליין. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו האַלטן זיך צוזאַמען. מיר האָבן זיך געשאַפן אַ באַהעלטעניש אויף דער טשעטשאָטאַ־גאַס ווו מיר האָבן

איינגעאָרדנט אונדזער וווינונג. נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר געטראָפן די פרוי עוואַ ר. ביי דער טיניעצקאַ־גאַס, וועלכע האָט אונדז געהייסן קומען אַלע עטלעכע טעג אויף מיטאָגן און זי האָט אונדז אַפילו געגעבן אָנטועכץ און געגעבן געלט אויף אַ גאַנצע וואָך עסן און אַזוי איז אונדז פאַריבער די צייט צוזאַמען מיט חיימקען. בייטאָג זענען מיר גע־גאַנגען איבער די גאַסן, געבנדיק אַכטונג אומעטום אַז עמעצער פון די דורכגייער זאָל אונדז נישט איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי אָדער פון זשאַנדאַרמעריע. אויף דער ראַקאָוויעצקאַ־גאַס איז אונדז געווען ווי צום בעסטן ווייל די איינוווינער פון דער דאָזיקער גאַס זענען געווען צו אונדז פריינטלעך געשטימט. מיר האָבן אַפילו געקאָנט קויפן אַ רעדלשוך און אַ גאַנצן טאָג אַרומפאָרן איבער דער גאַס. צום באַדויערן האָט סטאַניסלאַוו זוכמאַנטאָוויטש, וועלכער האָט געווינט אויף דער פּיליצקאַ־גאַס נר. 23 אונדז געמסרט פאַר דער פּאָליציי, אַז יידן פאָרן אַרום אויף רעדלשיך און שטערן אים די רו. צוליב וואָס עס איז געקומען די פּאָליציי מיטן ציל צו פאַרנעמען אונדז צוזאַמען מיט דעם רעדלשוך. צום גליק האָט זיך דאָס געענדיקט נאָר מיטן צונעמען דורך דער פּאָליציי דעם רעדלשוך, ווייל אונדז האָט זיך צום גליק איינגעגעבן צו אַנטלויפן. צו אונדזער גרויסער פרייד האָבן מיר אָפּגעקויפט דעם צווייטן טאָג אונדזער רעדלשוך ביי איינעם וועלכער האָט אים געקויפט ביים פּאָליציאַנט און אַזוי האָט זיך עס איבערגעחזרט דריי מאָל. דאָס לעצטע מאָל ווען מען האָט אונדז צוגענומען דעם רעדלשוך, האָט זיך אונדז מיט גרויס מי איינ־געגעבן צו אַנטלויפן, אָבער דעם רעדלשוך האָבן מיר שוין מער נישט צוריק באַקומען. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן מיך פּלוצעם אַרומגערינגלט דריי פּאָליציאַנטן אויף דער פּיליצקאַ־גאַס, ווייל ס'איז שוין געווען פינצטער האָב איך נישט געזען די אָנקומענדע געפאַר און ערשט נאָך דעם אַריינ־לייכטן מיט די לעמפלעך אין די אויגן האָב איך אָנגעהויבן מיט אַלע כוחות צו אַנטלויפן. איין פּאָליציאַנט האָט מיך געכאַפּט פאַר דער האַנט נאָר איך האָב זיך אויסגעריסן און אַדאַנק דעם, וואָס איז געווען פינצטער האָט זיך מיר איינגעגעבן נאָכאַמאָל ראַטעווען דאָס לעבן. אויף דער ראַקאָוויעצקאַ־גאַס האָבן מיך אַרומגערינגלט פּוילישע און דייטשישע

יינגלעך וועלכע האָבן געוווינט אויף דער נאַרבוטאַ־גאַס 52 און זיי האָבן מיך אָנגעהויבן שלאָגן און איינער פון זיי איז אַוועקגעלאָפן אָנקלינגען אין דער זשאַנדאַרמעריע מען זאָל מיך צונעמען אויף טויטן. צו מיין גליק האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיר אַ געוויסער פּרוכטן־הענדלער וועלכער האָט געהאַט זיין סטראַגאַן אין דער נאָענט. ער האָט אַ זעץ געטאָן אַ יינגל אין געזיכט און מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן דורך דעם הויף אַ היים פון דער אַספּאַלטאָוואַ־גאַס אויף דער אָפּאַטשינ־סקאַ־גאַס. דאָס הויז ביי דער אַספּאַלטאָוואַ־גאַס איז אין עטלעכע מינוט אַרום געוואָרן אַרומגערינגלט פון זשאַנדאַרמעריע, ווייל די יינגלעך האָבן אָנגעוויזן אַז איך האָב אין דעם הויז זיך פאַרבאַהאַלטן און אַזוי ווי זיי האָבן מיך נישט געפונען, ווייל איך האָב שוין פון לאַנג געהאַט אַנטלאָפן דורכן פּלויט האָבן זיי פון כעס צוגענומען ביי מיין באַשיצער אַלע פּרוכט. אָפּראַטעוועדיק זיך אויף אַזאַ אופן האָב איך ווייטער אָנגעהויבן מיין וואַנדערלעבן איך בין געגאַנגען צו איין פּרוי אויף דער מיעלטשעוור־סקי־גאַס, דאָרט האָב איך באַקומען אָפּט מיטאָגן. איך האָב אַפילו באַקומען אָנטועכץ פאַר מיר און פאַר מיין חבר, חיים. ביז איינמאָל זענען מיר געקומען צו מיין פּרוי אויף דער פּיליצקאַ־גאַס און דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס זוכט אונדז אַ געוויסע פּרוי וועלכע וויל אונדז רעקאָ־מענדירן איינער אַ פּרוי וואָס פאַרנעמט זיך מיט געפינען ערטער פאַר היימלאָזע יידן. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט פון דעם ווייל ס׳איז אונדז שוין געוועזן זייער שווער ווייטער זיך אַרומצוואַלגערן, בפרט אַז אונדזער באַהעלטעניש איז געווען שטאַרק פאַרשיט און מיר האָב געמוזט נעכטיקן אויף שטיגן וואָס איז געווען זייער געפערלעך.

נאָך עטלעכע טעג אויף דער פּיליצקאַ־גאַס ביי אונדזער באַקאַנטער פּרוי מאַרוּסיע וועלכע האָט אונדז צוגעזאָגט אַז אין אַ וואָך אַרום וועט זי זיך אויסטאַרען פאַר אונדז אַ וווינונג. מיר האָבן זיך געמאַטערט אין משך פון דער וואָך ביז ס׳איז געקומען פאַר אונדז די גליקלעכע מינוט ווען מען האָט אונדז איינקוואַרטירט אין אַ ריינער און וואַרעמער וווינונג. *

* מיט די יינגלעך האָט זיך פאַרנומען איינע פון די אויפזיכטס־קעמערלעך פון יידישן נאַצ־קאָמיטעט״.

# װעגן דער בילדונג פֿון דער יוגנט אין דער צײַט פֿון דער מלחמה

(פֿראַגמענט)

סוף סעפּטעמבער 1939, װען די אָקופּאַנטן האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָבן נאָך נישט די לערערשאַפֿט און נישט די עלטערן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פֿון דער נײַער סיטואַציע אין שול־װעזן. אַלע האָבן זיך געריכט אויף באַגרענעצונגען װאָס איז שײַך אײניקע קענגשטאַנדן, װי למשל געשיכטע און געאָגראַפֿיע, אָבער עס האָט געהערשט די איבער־צײַגונג, אַז די דײַטשן װעלן דערלויבן צו עפֿענען די שולן. אין דער ײדישער סביבה האָט מען געטראַכט, אַז די פֿאַרהעלטענישן װעלן זיך אײַנשטעלן אַזוי װי אין דײַטשלאַנד און אין טשעכאָסלאָװאַקײַ, ד. ה. אַז די ײדישע יוגנט װעט קענען זיך לערנען אין אײניקע, אָדער אין אײן ײדישער שול. דערװײַל האָט אויף דעם געביט פֿון שול־װעזן געהערשט אַ גרױסער כאַאָס, פֿיל לערער און אַ טײל פֿון דער עלטערער ײדישער יוגנט איז אַנטלאָפֿן אויף דעם שטח פֿון דער רוסישער אָקופּאַציע, אַ סך לאָקאַלן זענען געװאָרן צעשטערט פֿון די באָמבאַרדירונגען. די דײַטשע מאַכט, האָט אַ לאַנגע צײַט נישט אַרױסגעגעבן קײן שום פֿאַר־אָרדנונגען װאָס איז שײַך די שולן, דעריבער האָבן די דירעקטאָרן אויפֿן סמך פֿון אַ שטילער פֿאַרשטענדיקונג מיט דעם נאָך עקזיסטירנדיקן קוראַ־טאָריום באַשלאָסן צו עפֿענען די שולן אין אָקטאָבער. מען האָט געמאָלדן דעם אָנהײב פֿון שול־יאָר. מען האָט דאָס, איבעריקנס, געטאָן נישט דורך אָפֿישן אָדער עפֿנטלעכע באַקאַנטמאַכונגען כדי נישט צו װענדן די אויפֿ־מערקזאַמקײט פֿון דער מאַכט. די יוגנט האָט אָנגעהויבן שטראָמען. אָבער דאָס האָט געהאַט אַ שײַכות דער עיקר צו יונגע ײנגלעך און מײדלעך. די עלטערע האָבן זיך דערװײַל פֿאַרהאַלטן מיט רעזערװ. סוף אָקטאָבער זענען שוין פֿאַרגעקומען לעקציעס, כאָטש אין אַן אַטמאָספֿער פֿון אַלגעמײנער אומזיכערקײט. די דאָזיקע שטימונגען האָבן זיך אַרױסגעװיזן פֿולשטענדיק באַגרינדעט, װײַל שוין אין עטלעכע טעג נאָכן אָנהײבן די לימודים האָט די מאַכט אַרױסגעגעבן אַ באַפֿעל זײ איבערצורײַסן אין אַלע װאַרשעװער

שולן. די דייטשן האָבן דאָס אָפיציעל מאָטיווירט מיט דער סכנה פון פאַר־שפרייטן עפידעמישע קראַנקהייטן, און דער אמת האָבן זיי געוואָלט אויסשפּילן צייט, כדי צו רעאָרגאַניזירן דאָס פּוילישע שול־וועזן. שוין דעמלט זענען זיי וואַרשיינלעך געווען באַשלאָסן אינגאַנצן צו ליקווידירן דאָס יידישע שול־וועזן.

אין אַ פּאָר וואָכן האָט מען ווירקלעך דערלויבט צו עפענען פּוילישע שולן, ווי פאַך־שולן, אָדער ווי אַזעלכע וואָס גרייטן צו צו אַ פאַך. אויף דעם סמך פון אַ פאַראָרדנונג, איז די יידישע יוגנט פון די שולן געוואָרן באַזייטיקט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שול־פּאָליטיק איז געווען בלויז אַ פראַגמענט פון דער אַלגעמיינער, וועלכע האָט געצילט צו ליקווידירן די אינטעליגענץ אויף די אָקופּירטע שטחים. די יידישע לערער האָבן נאָך געהאַט אַ וועלכע נישט איז האָפענונג, אַז אויך אויף אונדזער געביט וועט זיך לאָזן עפּעס טאָן, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס קאָן וועגן דעם אַפילו קיין רייד נישט זיין. דער מצב פון די יידישע לערער איז געווען טראַגיש. די מערהייט, בלייבנדיק אַבסאָלוט אָן וועלכע ס׳איז מאַטעריעלע רעזערוון, האָט בוכשטעבלעך געהונגערט, אַ קליינע שטיצע (20 זל׳) איז זיי אויסגעצאָלט געוואָרן פון דער קאַסע פון אַמאָליקן פּראָפ. פאַריין. דאָס האָט פאַרשטייט זיך, ביי קיינעם נישט געקענט ענדערן די לאַגע. פון דער צווייטער זייט, האָבן גרויסע מאַסן יידישע יוגנט, באַרויבטע פון אַלצדינג, זיך אַרומגעדרייט ליידיק און צעטרענצלט די צייט. קלאָר, אַז אין אַזאַ סיטואַציע איז אַנטשטאַנען סטיכיש דער געדאַנק פון אָרגאַניזירן געהיימע בילדונג, וועלכע האָט, איבעריקנס, זיך שוין אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אויף דער פּוילישער גאַס, ווי אַ דערגענצונג צו די עקזיסטירנדיקע שולן.

דאָס שול־פּראָבלעם האָט געמוזט אויף אַ וועלכן ס׳איז אופן ווערן געלייזט, בפרט, אַז קיין וואַרשע זענען אָנגעקומען גרויסע מאַסן יידישע יוגנט, אַרויסגעטריבענע פון דער פּראָווינץ. מער ווייניקער אין דעצעמבער 1939, הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אויף דעם געביט. די לערערשאַפט געטריבן פון נויט הייבט אָן ענערגיש אָרגאַניזירן די יוגנט, מערסטנטייל, אָן דער באַטייליקונג פון די דירעקטאָרן. פאַרהעלטנישמעסיק גרינג האָט

זיך איינגעגעבן אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט די געוועזענע שילער. די איינציקע מעגלעכע אָרגאַניזאַציע־פֿאָרם איז געווען פֿאַרשטייט זיך די גרופּן, וועלכע זענען באַשטאַנען פֿון 4 פּערזאָן, זעלטן פֿון 6. מען האָט געגעבן דער יוגנט 12 שול־שעהן אַ וואָך.

אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 1940־סטן יאָר איז געוואָרן פֿאַרעפֿנט־לעכט אַ פֿאַראָרדנונג, וועלכע פֿאַרבאָט געבן לעקציעס די פּערזאָנען, וואָס האָבן נישט בייגעלייגט קיין ביטע אויף אַ דערלויבעניש צו לערנען אַנדערע. דער דאָזיקער פֿאַקט האָט אַרויסגערופֿן אַן אומרו צווישן דער לערערשאַפֿט, נישט זייענדיק דאָך גורם קיין פּאַניק. די אַרבעט איז נישט געוואָרן איבערגעריסן. לגבי דעם נייעם געזעץ האָט מען פֿאַרנומען פֿאָלגנדיקע שטעלונג. מען האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָס צופּאַסן זיך צו דעם וואָלט געווען אַ נישט לאָיאַליטעט פֿון אונדזער זייט, ווי בירגער פֿון דער פּוילישער רעפּובליק. דעריבער האָט מען באַשלאָסן צו האַנדלען אין הסכּם מיט דער דעציזיע פֿון די לערער פֿון די פּוילישע שולן און קיין שום ביטעס נישט ביילייגן. די יוגנט האָט אויך נישט רעאַגירט אויף די דראָונגען פֿון די דייטשן און פֿאָרגעזעצט דאָס לערנען. מיר האָבן זיך נאָר באַמיט, אַז די שילער זאָלן נישט טראָגן אויף דער גאַס קיין צו גרויסע צאָל ביכער, כּדי נישט צו ווענדן אויף זיך קיין אויפֿמערקזאַמקייט.

זומער און האַרבסט 1940 האָט די אַרבעט זיך געפֿירט ווייטער. די פּאָליטישע קאַטאַסטראָפֿעס האָבן אויף איר נישט געהאַט קיין שום ערנסטע ווירקונג. דאָס איינפֿירן דעם פֿאַרמאַכטן געטאָ שטעלט פֿאַר מיט זיך אַ נייע תּקופֿה אין לעבן פֿון די גרופּן. אין דער יידישער געגנט זענען אָנגעקומען ברייטע יוגנט־מאַסן פֿון אַסימילירטע משפּחות. די דאָזיקע יוגנט האָט זיך געלערנט ביז איצט דער עיקר אין זייערע שול־גרופּן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קריסטלעכע לערער. די גרופּע יוגנט, געטראָפֿן דורך דער מלחמה און דורך די פֿאַרפֿאָלגונגען, אפֿשר נאָך שטאַרקער פֿון דער ווייניקער אַסימילירטער יוגנט, אַן אַרויסגעשטויסענע אינגאַנצן פֿון איר ביז איצטיקן לעבנס־שטייגער האָט זיך אַצינד אַרויס־געוויזן צום מערסטן דעמאָראַליזירט. האָט אויך די לערע מיט דער דאָזיקער יוגנט געגעבן אין אָנהייב ערגערע רעזולטאַטן. נאָכן אָנבינדן

אַ קאָנטאַקט צווישן איר און דער לערערשאַפט האָט מען אָרגאַניזירט פאַר דער דאָזיקער יוגנט דער עיקר באַזונדערע לער־גרופּן. עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין זיי אַזעלכע, וועלכע זענען געקומען פון איין שול, אָדער וועלכע זענען געווען באַפריינדעט צווישן זיך. דאָס באַהעפטן דעם נייעם עלעמענט מיט די אַמאָליקע שילער האָט אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן מחמת דעם אונטערשיד אין קולטור־ניוואָ, אויפפירונג, טראַדיציע און דעסגלייכן. פאַמעלעך אָבער קומט פאָר אַן אַלץ מער דייטלעכע דערנענטערונג.

ווינטער 1940/41 איז די צאָל גרופּן פון דער זיך לערנענדיקער יוגנט זייער באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן דעם ניוואָ פון די לימודים. די גרופּן האָבן זיך באַפעסטיקט און די לערער האָבן פאַרגרעסערט די פאָדערונגען אויף דעם געביט. אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרענדיקן דורך די גרופּן פון 2־טן ליצעאַלן קלאַס און 4־טן גימנאַזיאַלן איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט דורכצופירן עקזאַמענס, וועלכע זענען פאָרגעקומען אינגאַנצן „לעגע ארטיס". קלאָר אַז קיינעם ווערט נישט אַרויסגעגעבן קיין צייגעניש צוליב זיכערקייט טעמים, אָבער מיר מיינען, אַז אין פאַלן פון אַ מפּלה פון דייטשלאַנד, וועט די פּוילישע מאַכט אָנערקענען אונדזערע רייפקייט־צייגענישן. כאַראַקטעריסטיש, אַז די באַציאונג פון דער יוגנט צו די עקזאַמענס איז די זעלבע. וואָס פאַר דער מלחמה.

# א פראגראם פון א ליטעראריש־קינסטלערישער אימפּרעזע אין ווארשעווער געטא

## א שעה פאַרן יידישן שרייבער און קינסטלער

(אַן אייגנאַרטיקער און אָריגינעלער קאָנצערט)

**חשובער פריינד!**

מיר האָבן דעם כבוד אייך צו פאַרבעטן אויף אַ שעה פון יידישער מוזיק און ליטעראַטור (פּאָעזיע, נאָוועלע און עסיי), דעם נאָנטן שבת, דעם 15 פעברואַר 1941, צווי אַ זייגער מיטאָג־צייט, אין לאָקאַל פון „טאָז", גענשע 43.

דער קאָנצערט וועט זיין אָריגינעל אויך דערמיט, וואָס איר וועט הערן יידישע מוזיק, פידל, פּיאַנאָ, געזאַנג, רעציטאַציע, באַלעט־טאַנץ, פּאָעזיע, נאָוועלע, עסיי — און איר וועט נישט ווערן איבערגעלאָדן מיט דער פּילזייטיקייט פון דער דאָזיקער אַרויסטרעטונג.

דריי מינוט צייט פאַר יעדער שאַפונג! צוגעגרייט מיט געשמאַק, עסטעטיש, מיט אַ מאָס און טאַקט, כדי נישט צו באַשווערן דאָס געמיט אין דער איצטיקער צייט און אויך כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט אָפּצורייסן זיך פון דעם אַרום און אַריבערצופירן די צוהערער אין אַ געמיטלעכער, היימישער אַטמאָספערע און שטימונג.

ווען איר וועט נאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז מיט אייער אָנטייל אין דער דאָזיקער קינסטלערישער אימפּרעזע וועט איר געבן אַ מעגלעכ־קייט דעם יידישן שרייבער און קינסטלער צו פאַרדינען אויף אַ ווירדיקן און בכבודיקן אופן, וועט איר געוויס באַוויליקן צו קומען און צו באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אָריגינעלער אַרויסטרעטונג.

## אין פראָגראַם איז פאָרויסגעזען:

יידישע מוזיק

פידל — **עווע קאָזשיראָג — אַבסאָלווענטין פון קאָנסערוואַטאָריום.**

פיאַנאָ — **מינאַ מאַסלאַנקאַ — אַבסאָלווענטין פון קאָנסערוואַטאָריום.**

באַלעט־טאַנץ — שולה קאַמינסקאַ — אַבסאָלוו. פון פרושיצקאַס באַלעט.

געזאַנג — **אַרויסטריט פון יידישן פאָלקס־זינגער, הערשעלע שטערן.**

יידישע ליטעראַטור

רעציטאַציע — **לייכטע און אייגנאַרטיקע יידישע פאָעזיע און ליטעראַטור, רעציטירט דורכן אַרטיסט ז. שקלאַר.**

פאָעזיע — **ש. גילבערט, ש. ווייסלאַנד, י. לערער, יצחק קאַצענעלסאָן.**

נאָוועלע — **יוסף סטאָלאַזש, י. קירמאַן, ז. סקאַלאָוו, יהודה פעלד.**

עסיי — **ישראל שטערן, י. בערנשטיין, נ. שטערנבערג, רחל אויערבאַך.**

פאָרוואָרט — **ד״ר יצחק לייפונער.**

**דער אָרגאַניזיר קאָמיטעט**

**וואַרשע, דעם 9 פעברואַר 1941**

---

דער דאָזיקער בריוו דינט אַנשטאָט אַן אַריינטריט־בילעט.
אויסטוישן ביי דער קאַסע אין טאָג פון קאָנצערט.

מרים קאַספּארי

# אויף דער אַרישער זייט

# אין הויז פון אלעקסאַנדער זעלווערראַוויטש *

(פראַגמענט)

— -- — דער וועכטער פון הויז אויף דער שטשיגלע־גאַס איז געווען אַ שרעלעכער שיכור. ער האָט זיך זייער שנעל אָריענטירט, וואָס איז שייך מיין אָפּשטאַמונג, איבעריקנס, צווישן מיר און יוזעקן איז געווען אַ גרויסע ענלעכקייט און יוזעקן האָט ער נאָך געקענט פאַר דער מלחמה. אָפּט איז געשען, ווען ער איז געווען לייטיש אָנגעטרונקען, איז ער אַרויפגעקומען צו מיר אין דער הייך (די וווינונג איז געווען אויף דעם 5־טן שטאָק) און מיט טיפער געריירטקייט מיר דערקלערט, ווי שטאַרק ער איז פאַר מיר און אַז פון זיין זייט איז נישטאָ קיין שום סיבות זיך צו שרעקן. ביי דער געלעגנהייט פלעגט ער שטענדיק בעטן אַ קליין הלוואהלע. נישט געקוקט אויף אַלץ, האָב איך באַקומען צו אים אַ סך צוטרוי און זיך געווענדעט צו אים מיט אַ ביטע צו געפינען אַ וווינונג אויף עטלעכע טעג פאַר אַ חבר פון מיין ברודער, וועלכער האָט גענייטיקט אין עטלעכע טעג אַרום קומען פון געטאָ און ער האָט געבעטן מען זאָל אים העלפן. דער וועכטער האָט אָפּגעגעבן צו דעם ציל זיין קעלער און אין משך פון אַ וואָך האָט ער געוויסנהאַפט אָפּגעהיט דעם דאָזיקן חבר, צושטעלנדיק אים דאָרט שפּייז. אמת, נאָך אַ וואָך, ווען מען האָט שוין געפונען אַ צווייטע וווינונג, האָט ער דערקלערט, אַז ס'איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן דער האַרבסט־מאַנטל פון דעם חבר — נאָר דער שמועס וועגן דעם איז פאָר־געקומען אין זיין וווינונג אין דער אָנוועזנהייט פון זיין דערוואַקסענעם זון. דער זון האָט אויסגעשריגן מיט כעס — זאָל דער טאַטע די מינוט אָפּגעבן דעם האַרבסט־מאַנטל, און דער טאַטע האָט אים אָפּנהאַרציק אָפּגעגעבן. פאַרן אויסבאַהאַלטן אין קעלער האָט ער די אַנטשפּרעכנדיקע פון פאָרויסבאַשטימטע סומע באַקומען. אָבער חוץ דעם דאָזיקן אינצידענט מיטן האַרבסט־מאַנטל דאַרף מען אים אָנערקענען, אַז כאָטש ער האָט

* איינער פון די באַרימטע פּוילישע שוישפּילער.

זיך אויסגעצייכנט אָריענטירט וועלכע געסט עס קומען און בלייבן איבער נעכטיקן ביי זעלווערן (זעלוועראָוויטש) און כאָטש ער איז זעלטן געווען ניכטער, האָט ער קיינעם קיינמאָל נישט פאַראַטן. עס איז אויך געווען אַזאַ טאָג, ווען זעלווער איז געקומען קיין וואַרשע און באַדאַרפט בלייבן נעכטיקן. אַקוראַט אין דער זעלבער צייט האָט נאָך געוווינט ביי אים דאָס פּאָרל, דער אַדוואָקאַט און זיין פּלימעניק, עס האָבן גענעכטיקט נאָראַ און אַלאַ, מיכאַל האָט נאָך קיין וווינונג נישט געהאַט, קורץ, מיר זענען געווען ניין פּערזון און זעלווער האָט נישט דרייסט געפרעגט, צי ס'וועט זיין ווו איבערצונעכטיקן. אַלע האָבן מיט ענטוזיאַזם פאַרזיכערט, אַז געוויס, נאָר ער האָט העפלעך זיך אויסגעזוכט אַ נאַכטלעגער ערגעץ ווו אַנדערש.

— — — אין איינעם אַ טאָג איז לענאַ געקומען אַ זייער צערודערטע מיט פאָלגנדיקער ידיעה. עס האָט טעלעפאָנירט צו איר „די גרויזאַמע שטיפמוטער", אַזוי האָט לענאַ גערופן קריסיע סעווערינאָוונע, די צווייטע פרוי פון זעלוועראָוויטשן, מיט וועלכער זעלוועראָוויטש איז זיך, איבעריקנס, נאָך פאַר דער מלחמה געהאַט צוגאַנגען, נאָר אָנגעהאַלטן כסדר פריינדלעכע באַציונגען. נעמלעך, קריסיע האָט איר אינפאָרמירט, אַז ס'האָט זיך באַוויזן אַ נומער „וואַרשאַווער צייטונג" מיט אַן אַרטיקל וועגן פאַר־מלחמהדיקן טעאַטער. אין דעם אַרטיקל קומען אַריין אַ היפּש ביסל פאָטאָגראַפיעס און צווישן אַנדערע אַ פאָטאָגראַפיע פון זעלוועראָוויטשן מיט אַ באָרד (אַ כאַראַקטעריזאַציע אין דער פיעסע „דער אַדוואָקאַט און די רויזן") און פאָלגנדיקע אונטערשריפט „דער באַרימטער יידישער קאָמיקער, דער יודע אַלעקסאַנדער זעלוועראָוויטש". לענאַ האָט גלייך אָנגעשריבן אין רעדאַקציע אַ ביטע, מען זאָל גלייכשטעלן דעם טעות. זי האָט באַקומען אַ תשובה, אַז אַזאַ אַרט גלייכשטעלונג געהערט נישט צו דער קאָמפּעטענץ פון דער רעדאַקציע, אַז מען דאַרף זיך דערמיט ווענדן צו דער געסטאַפּאָ. כדי נישט צו מאַכן קיין טומל אַרום דעם, בפרט, אַז דאָס הויז פון זעלוועראָוויטשן איז געווען אַביסל באַלאַסטעט פון דער „אומריינער ראַסע", האָבן מיר באַשלאָסן, מער נישט באַרירן דעם דאָזיקן ענין.

מעגלעך, אַז דאָס אַלץ וואָלט פֿאַרגעסן געוואָרן, ווען נישט אַ פֿאַטאַלער צופֿאַל.

דאָס איז דאַכט זיך געווען אין אָנהויב נאָוועמבער.

אין אָרישעוו, ווו זעלווערעוויטש האָט געאַרבעט, האָט איינער אַ פֿאָלקס־דייטש געהאַט אַ קראָם. פֿאַרקויפֿנדיק עפּעס, האָט דער פֿאָלקס־דייטש פֿאַרפּאַקט דעם קעגנשטאַנד אין אַן אַלטער צייטונג און ער האָט באַמערקט דאָס בילד פֿון זעלווערעוויטשן, וועלכן ער האָט גלייך דערקענט. איז ער גלייך אַוועק אין געסטאַפּאָ אינפֿאָרמירן ווו זעלווערעוויטש וווינט. אין אָוונט האָבן די געסטאַפּאָווצעס אָפּגעשטאַט זעלווערעוויטשן אַ וויזיט.

— דער נאָמען? — זעלווערעוויטש.

— מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיר קענען אייך — דו הייסט זילבעראָוויטש.

— דער גלויבן?

— אַ קאַטאָליק.

— פֿון ווי לאַנג?

— פֿון אַ שיינע פּאָר דורות.

קיין שום דערקלערונגען האָבן נישט געהאָלפֿן. מען האָט זעלווערעוויטשן אָפּגעפֿירט אין דער תּפֿיסה אין וויסקיטקי און פֿון דאָרט האָט מען אים איבערגעטראָגן קיין זשיראַרדאָוו.

אין זשיראַרדאָוו האָבן מענטשן געזען, ווי מען פֿירט אים אין תּפֿיסה. אַלע האָבן אים געקענט.

אַ געוויסער רעסטאָראַן־אייגנטימער האָט אים אָנגעהויבן צו שיקן אַלע האָבן אים געקענט.

איך ווייס נישט ווי די זאַך וואָלט זיך פֿאַרענדיקט, ווען נישט די הילף פֿון דער „גרויזאַמער שטיפֿמוטער". זי איז געווען אַ פּרוי וואָס גיט זיך אַן עצה, אַ קלוגע און, דער עיקר, זי האָט געהאַט אַ סך פֿאַרבינדונגען מיט די דייטשן.

אין דער צייט פֿון מיין זיין ביי זעלווערעוויטשן האָב איך מיט אַ מאַניאַקישער פֿאַרליבטקייט געמאַכט אַן אָרדנונג אין זיינע פּאַפּירן, וועלכע זענען שוין זיכער יאָרן־לאַנג געלעגן אין אומאָרדנונג. איך האָב צווישן זיי געפֿונען אַ דאָקומענט, דאַכט זיך פֿון 1880, וועגן איבערפֿירן

די משפחה זעלווערּאָוויטש אין אַדל־שטאַנד. דעם דאָזיקן דאָקומענט פּלוס דאָס ביכעלע פון האָזשיצע וועגן זעלווערּאָוויטשן, אין וועלכן עס איז צווישן אַנדערע געווען אויך דאָס בילד מיט דער באָרד, האָט מען איבערגעגעבן קריסיען. אויף דעם סמך און אַדאַנק אירע קאָנטאַקטן האָט מען אַרויסגעצויגן זעלווערּאָוויטשן. אָבער פון דער צייט האָבן מיר פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער אַבסאָלוטער זיכערקייט פון זיין וווינונג...

ס'איז געקומען דער יום־טוב פּסח פון יאָר 1943. די דירה פון זעלווערּאָוויטשן אויף דער שטשיגלע־גאַס האָט זיך געפונען אויפן פינפטן שטאָק. פון די פענצטער האָבן מיר כסדר געזען די ברענענדיקע הייזער פון געטאָ. עס האָט געטראָפן, אַז איך בין געגאַנגען צו מיינעם אַ באַקאַנטן אויף דער באָוויניאַרסקע גאַס אין אַ דירה, וועלכע איז געלעגן האַרט ביי דער געטאָ־וואַנט. איך האָב דייטלעך געהערט די דייטשישע געשרייען „ראַוס” און איך האָב זייער גוט זיך געקענט פאָרשטעלן דאָס דאָרטיקע גיהנום, נאָך מער דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך כסדר פון די ביי־צוגעקומענע דערוווּסט, וואָס דאָרט קומט פאָר. נישט בלויז מיר, נאָר אויך די פוילישע סביבה, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען איז געווען דערשיטערט. אָבער שטענדיק געפינט מען אין זיך גענוג כוחות איבערצוהאַלטן פרעמדע ליידן.

אונדזער לעבן איז דערווייל נישט געווען געשטערט דורך דירעקטע קאָמפּליקאַציעס, עס איז געפלאָסן נאָרמאַל.

איך בין כמעט נישט אַרויסגעגאַנגען. ווייל ס'האָט זיך געטראָפן, אַז אין פעברואַר האָב איך באַשלאָסן אין איינעם אַ שבת באַזוכן באַקאַנטע אויף סאַסקע קעמפּע. איך האָב זיך אויפגעזעצט אין טראַמוויי אויף דעם ראָג פון די ירושלימער־אַלייען און ניי־וועלט. גלייך נאָך מיר איז אַריינגעשטיגן אַ יונגער מענטש און געהאַלטן אין איין קוקן אויף מיר. איך האָב נישט קיין ספּעציעל שנעלע אָריענטאַציע און נישט געקוקט אויף דער ענגשאַפט אין טראַמוויי, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן פון אים צו אַנטרונען. וויפל מאָל איך האָב געפּרוווּט אויסשטייגן אויף אַ וועלכער ס'איז סטאַציע האָב איך באַמערקט, אַז ער וואַרט נאָר אויף דעם שריט, כדי אויסצושטייגן מיט מיר. סוף־כל־סוף בין איך אויסגעשטיגן דאָרט, ווו איך האָב באַדאַרפט, אויף דעם וואַשינגטאָן־ראָנדע און איך האָב זיך פאַרנומען

אין איינעם פון די שטילע געסלעך. גלייך איז אויסגעוואַקסן פאַר מיר אַ פּאָרל — דער דערמאָנטער בלאָנדער יונגערמאַן און אַ פרוי.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער טיפּישער דיאַלאָג.

„איר זענט אַ יידישקע, קומט מיט אונדז אין קאָמיסאַריאַט". איך, פאַרשטייט זיך, האָב געטענהט אַז נישט און א. ז. וו., זיכער, ווען איך זאָל באַזיצן מער חוצפה, וואָלט איך מיך אַרויסגעדרייט. אייניקע באַווייזן דאָס, אַנדערע ווידער מיינען, אַז ס'איז נישט כדאי צו ריזיקירן. ס'איז נישט באַוווּסט אויף ווער מען טרעפט און ס'איז בעסער צו דערליידיקן דעם ענין אויפן אָרט. כ'האָב שטענדיק געהאַט ביי זיך אַ קליינע סומע פאַר אַזאַ פאַל.

ס'איז אים זייער נישט געפעלן, וואָס איך האָב נישט מער, אָבער ער האָט דאָס גענומען. דערנאָך האָט ער דערקלערט, אַז ער מוז קאָנ־טראָלירן, צי איך האָב נישט ביי זיך קיין געווער. איז צוגעגאַנגען צו מיר זיין געהילפן און האָט אַראָפּגעצויגן פון מיר דעם מאַנטל, און איך האָב געהאַט זייער אַ שיינעם מאַנטל אויף פוטער (מיר האָבן געהאַלטן, אַז איך דאַרף אויסזען אויף אַ גוט געקליידעטער פרוי, אַרויסגייענדיק אין גאַס) און זי איז גלייך מיט דעם מאַנטל אַנטלאָפן, און ער האָט אַרויס־געכאַפּט ביי מיר מיין גרויסע רייזע־טאָרבע און איז אויך אַנטלאָפן.

עס איז שוין געווען פולשטענדיק פינצטער און ס'איז נישט געווען צו זען קיין לעבעדיקע נשמה — — — אַזאַ ענדע איז דורך אַלעמען דאַן געוואָרן באַטראַכט פאַר זייער אַ גליקלעכע.

צו לענען, וועלכע איז אָפט געווען אין די געגנטן לעבן געטאָ פון דער זייט פון דער שעננאַ־גאַס, איז אַמאָל צוגעגאַנגען אַ געוויסער הער און געזאָגט: — דאַכט זיך, אַז מיר קענען זיך. לענע, וועלכע האָט געטראַכט, אַז דאָס איז אפשר אַ קאָלעגע פון טעאַטער, וועלכן זי געדענקט נישט, האָט תמימותדיק געענטפערט: — אַנטשולדיקט, מיין הער, איך קאָן זיך נישט דערמאָנען פון וואַנען? — איר קומט דאָך, — האָט דער הער געזאָגט, פון דאָרטן — און ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן געטאָ. ערשט איצט האָט זיך לענע געכאַפּט אין וואָס עס גייט, אָבער אין איר לאַגע איז נישט געווען שווער זיך צו פאַרהאַלטן רואיק.

— וואָס ווילסטו — האָט זי אים געפרעגט?

וועסט גיין מיט אונדז אין קאָמיסאַריאַט — האָט דער הער געענטפערט (דאָס איז שטענדיק געווען די ערשטע פראַגע פון די שאַנטאַזשיסטן).

— פאַרשטייט זיך — האָט לענע געזאָגט — און דאָס שנעל, ווייל איך האָב נישט קיין סך צייט. דער טאָן און די האַלטונג זענען שוין געווען גענוג. זי איז שנעל געגאַנגען און זיי נאָך איר און גאָר שנעל פאַרשוווּנדן. דער פאַל איז אנטערעסאַנט דערמיט, וואָס לענע האָט, לויט מיין ברודערס מיינונג, געהאַט אַ ביז גאָר סעמיטישן אויסזען.

# ארויסטרעטונג פון אינזש. א. רייס

הארבסט 1943, האָבן באַשלאָסן דער „יידישער רעטונגס־קאָמי־טעט" און די הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל צו דעלעגירן קיין לאָנדאָן אין די ענינים פון הילף און רעטונג פון די יידן אין פוילן דעם אינזש. אַנשל רייס, פּרעזידיום מיטגליד פון דער „רע־פּרעזענטאַנץ פון פוילישן יידנטום" מיטן זיץ־אָרט אין תל־אביב.

א. רייס צוזאַמען מיט ד"ר א. טאַרטאַקאָווער, וועלכער האָט דאָן געוויילט אין לאָנדאָן אין שליחות פונעם ייד. וועלט קאָנגרעס און ד"ר י. שוואַרצבאַרד, מיטגליד פון פוילישן נאַציאָנאַל ראָט" (גלות סיים), האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען אין די פּראָגן, מיט דער פּוילישער גלות רעגירונג.

אַלס רעזולטאַט פון לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיטן פּרעמיער מיניסטער סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק און בעיקר מיטן אינערן מיניסטער וולאַדיסלאַוו באַנאַטשיק, איז דעם 20 אַפּריל 1944 נאָמי־נירט געוואָרן דער „ראָט פאַר ראַטעוועג די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן".

מיר ברענגען פראַגמענטן פון דער דערקלערונג פון אינזש. א. רייס, ביי דער ערשטער עפנטלעכער זיצונג פון ראָט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 5 מאַי 1944.

— — — איך ווייס נישט, צי ס'איז צוועקמעסיק נאָכאַמאָל צו שילדערן די אומגעהייערע און טיפע טראַגעדיע, וועלכע עס לעבט איבער אונדזער פאָלק. איך האָב דעריבער נישט בדעה צו רעדן וועגן די בעסטיאַלע מעשים פון די דייטשן לגבי די יידן, וועלכע ווערן דורכגעפירט מיט דער גרעסטער ראַפינירטקייט און סיסטעמאַטישקייט, ווי אויך נישט וועגן די שטראָמען יידיש בלוט און גרויליקע יסורים, מיט וועלכע די דייטשן דערמאָרדן מיליאָ־נען יידן, אָדער וועגן די פאַרפייניקטע קרבנות, וועמענס ביינער קומען אַפילו נישט צו קבורה. אונדזער טראַגעדיע איז צו גרויס, אַז מען זאָל זיך דער־לויבן אויסצודריקן זי אין ווערטער. זי איז נאָך שרעקלעכער דערמיט, וואָס זי קומט פאָר טאָג־טעגלעך דעמאָנסטראַטיוו אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, דער וועלט פון דעמאָקראַטיע און פּראָגרעס, דער וועלט פון קולטור און הומאַניזם, און די דאָזיקע וועלט, אַזאַ גרויסע און מעכטיקע, האָט נישט געפונען קיין וועג, ווי אָפּצושטעלן די מאַסן־רציחות, אָדער ווי צו אָרגאַ־ניזירן אַן עפעקטיווע רעטונג פאַר די אומשולדיקע — — —

— — — איך וואָלט געוועז אומגערעכטיק לגבי אונדזערע ליידנדיקע

באַשטעטיקונגען פון אַ טייל געלט־סומעס, געשיקט פון רעטונגס־קאָמיטעט אין ישראל קיין וואַרשע סוף 1943 דורך אונטערגרונט שליחים.

ברידער און לגבי אונדזער טראַגישער ווירקלעכקייט, ווען איך זאָל נישט פעסטשטעלן דעם טרויעריקן פאַקט, אַז ליידער האָט נישט די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט געטון און טוט דאָס, וואָס עס פאָדערט פון אונדז דאָס געוויסן און די געמיינזאַמקייט פון אונדזער גורל. אויף דעם אָרט דאַרף מען אונ־

טערשטרייכן מיט אָנערקענונג די טעטיקייט, וועלכע עס פירט אומאויפהער־לעך, שוין צוויי יאָר כמעט, דאָס יידנטום פון ארץ־ישראל, אַ טעטיקייט, וועלכע ברענגט עפעקטיווע הילף און רעטונג טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן און דערמוטיקט אָן שום ספק הונדערטער טויזנטער.

די דאָזיקע הילף האָט ביי זיי געשאַפן דעם באַוווסטזיין, אַז ס'איז דאָ עמעצער, וועמען זייער גורל איז נאָענט צום האַרצן, וועמענס געדאַנקען זענען באַהאַפטן מיט זייערע געדאַנקען און וועמענס הערצער עס שלאָגן אין איין ריטם מיט זייערע הערצער.

מיר ווייסן נישט־ווייניק וועגן דער הילף, וועלכע ווערט געגעבן די יידן אין לאַנד דורך פּאָליאַקן — אַדאַנק זייער בירגערלעכן געפיל און מענטשלעכער פליכט. די דאָזיקע פאַלן זענען דער בעסטער באַווייז דער־פון, וואָס מען וואָלט געקאָנט אויפטאָן, ווען אַזאַ אַקציע וואָלט אָנגענומען אַ מער אַלגעמיינע פאָרם, ווען זי וואָלט אַריינגעגאַנגען ווי געהעריק אין די אויפגאַבן פון דער מאַכט און פון די מלוכה־אָרגאַנען אין לאַנד.

דאָס וואָס איז געטאָן געוואָרן ביז איצט איז, ליידער, נישט אין אַ גענוגנדער פּאַרהעלטעניש צו די נויטוועדיקסטע באַדערפענישן, עס איז שוין פאָריבער אַ סך נישט אויסגענוצטע צייט, איז איצט אונדזער הייליקע פליכט צו פאַרריכטן אין די ראַמען פון מעגלעכקייט דאָס, וואָס לאָזט זיך פאַרריכטן — טראָגן מיט דער פולער האַנט און מיטן גאַנצן האַרצן הילף צו די, פאַר וועלכע זי איז די איינציקע האָפענונג פון עקזיסטענץ...

— — — די רעפּרעזענטאַנץ פון פוילישן יידנטום באַגריסט דאָס אַנטשטיין פון דעם ראַט אין דער איבערצייגונג, אַז דער דאָזיקער אַקט פון בירגערלעכער הילף מצד דער פוילישער רעפּובליק קאָן דינען אַלס באַווייז פון אַ דעצידירטן ווילן צו פאַרוואַנדלען די מינדלעכע פאַרזיכע־רונגען אין אַ געזונטן און נויטווענדיקן טאַט פון פולער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון די פוילישע יידן פאַר דעם העכסטן און געמיינזאַמען ווילזיין פון דער פוילישער רעפּובליק און איר רום און פאַרן ווילזיין פון די יידישע בירגער.

אינזש. אַנשל רייס

קווינסקאָרט 54

קינגסוויי ווו. 2

16־טער אויגוסט 1944

צום אינערן־מיניסטער וולאַדיסלאַוו באַנאַטשיק *, לאָנדאָן.

הער מיניסטער,

דעם ערשטן אויגוסט ה. י. בין איך מיטן ד״ר שערער געוואָרן אויפ־געגומען דורך דעם הער מיניסטער, ווי אַ דעלעגאַציע פון ראַט פאַר ראַטעווען די יידישע באַפעלקערונג און איך האָב בייגעלייגט פאָרשלאָגן וועגן אַן אַפּעל אין לאַנד צו העלפן די יידן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשאַפענער מיליטערישער סיטואַציע האָט דער הער מיניסטער אויס־געדריקט זיין הסכמה מיט די דאָזיקע פאָרשלאָגן.

פון יענער צייט זענען שוין געווען נאָך אינטערווענצן וועגן דער רעאַליזירונג פון די פאָרשלאַגן, דאָך, אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, איז ביז איצט אין דעם ענין גאָרנישט נישט געשען.

איך וואָלט דעם הער מיניסטער געווען זייער דאַנקבאַר, ווען ער וואָלט געוועזן אַזוי ליבנסווירדיק צו אינפאָרמירן מיר, צי די אַנטשפּרעכנ־דיקע פאַראָרדנונגען זענען געוואָרן אַרויסגעגעבן און רעאַליזירט, אָדער אין קעגנפאַל, וועלכע זענען די סיבות, וואָס זיי זענען נישט געוואָרן רעאַליזירט.

נעמענדיק אין באַטראַכט דעם קעגנשטאַנד, אין וועלכן עס האַנדלט זיך, ווי אויך די נויטווענדיקייט צו ענטפערן אויף דער טעלעגראַמע אין דעם ענין (פון ארץ־ישראל), בעט איך העפלעכסט אַ באַלדיקן ענטפער.

מיט די אויפריכטיקסטע אויסדרוקן פון אַכטונג

אַנשל רייס

וויצע־פאָרזיצער פון ראַט

פאַר ראַטעווען די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן

---

* אַ דערמאָנונג דעם אינערן מיניסטער פון דער פוילישער לאָנדאָנער רעגירונג, אַז אין ענין „אַפּעל אין לאַנד צו העלפן די יידן״ — ווערט גאָרנישט געטאָן.

דוד האָפּשטיין

# איך זע —

ואעבור עליך ואראך מתבוססת בדמיך
ואמר לך: בדמיך חיי! ואמר לך: בדמיך חיי!
(יחזקאל, טז, ו)

איך זע —
ביסט אין גאַנצן אין בלוט.
איך זע,
אַז מיט קויט איז דיין שטערן באַקלעפּט.
איך זאָג דיר:
ניט טרויער! געדענק —
דיין מוח, ער לעבט! אָ, ער לעבט!
און דורך פּיין און דורך פּלאָג
איז, ווי שטענדיק, אין שאַפן, אין גלוט.
איך זע —
מיט ביילן דיין גוף איז פאַרוועבט,
און מיט ווונדן באַדעקט איז דיין ברוסט —
ביסט איינגעגאַנצן אין בלוט...
איך זאָג דיר:
ניט טרויער: געדענק —
דיין כוח, ער לעבט! אָ, ער לעבט!
דיין האַרץ דאָרטן אינעווייניק שלאָגט
און טרייבט ווילן און גלוסט,
און איז פול נאָך מיט טרייסט און מיט מוט!
און דיין האַנט, דיין געניטע פילפאַכיקע האַנט
(זי געמאָלט האָט רעמבראַנדט),
איז צום שאַרפסטן געווער,
ווי צום צאַרטסטן געצייג, שוין געווינט.
כ'ווייס, דיין גורל איז שווער, אָ, ווי שווער!
נאָר דיין שליחות איז גרויס!

ווי די צייט דיך ניט שווינט,
דו טראָג אים, דיין פּיין, אָן געוויין!
גיי אַרויס
און שריי אויס:
וועלט־אויס,
וועלט־איין!
און אין וועלטישע קאַנען
צו קענען זיך שטעלן
און צו זיין —
לווינט!

בראָניע קליבאַנסקי

# „די צוגרייטונגען צום באוואפנטן קאמף אין ביאליסטאקער געטא"

דער באַשלוס פון ענטפערן מיט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אויף דער דייטשער אַקציע פון ליקווידירן דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק איז נישט געווען קיין לייכטער, ווייל אַלע קעמפער האָבן זיך גערעכנט מיט זייער זיכערן טויט.

אַ געטרוי בילד פון דער שטימונג, וועלכע האָט דעמלט געהערשט, גיט אונדז איבער דער זעלטענער דאָקומענט פון מערסיק־טענענבוים־אַרכיוו פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ, דער באַריכט פון דער „אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון קיבוץ און אַקטיוו פון סניף" פון 27 פעברואַר 1943 [1].

אַ גרויסע צוציונגס־קראַפט האָט געהאַט די אידעע פון אַרויסגיין פון געטאָ צו די פאַרטיזאַנער אין וואַלד. אָבער דאָ האָבן זיך די מעגלעכקייטן אַרויסגעוויזן זייער קליינע, ווייל די מייסטע חברים זענען נישט געווען קיין אָרטיקע און האָבן אינגאַנצן נישט געקענט די סביבה.

צו דער צייט זענען אויך נאָך נישט געווען קיין פאַרטיזאַנער אין די וועלדער אין דער סביבה פון ביאַליסטאָק. די ערשטע סאָוויעטישע פאַראַשוטיסטן־גרופע וואָס האָט אָרגאַניזירט די פאַרטיזאַנער באַוועגונג אין דער געגנט האָט זיך באַוויזן ערשט סוף 1943.

[1] אויף דער דאָזיקער אסיפה זענען געקומען צום אויסדרוק 2 מיינונגען. איינע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן קאַמף אין געטאָ און פאַרן פאַרזעצן דעם קאַמף נאָכן ווידערשטאַנד אין וואַלד! די צווייטע מיינונג איז געווען, אַז דער קאַמף האָט נישט קיין ממשותדיקע באַדייטונג און מען דאַרף אַלץ טאָן, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן און נישט זוכן אַ שיינעם טויט אין קאַמף, וואָס מען ווייס פון פאָרויס מיט וואָס ער וועט זיך ענדיקן. די ערשטע מיינונג איז געווען פאַרטראָטן פון דער מערהייט. און מרדכי טענענבוים האָט אַזוי רעזומירט די אסיפה: „די שטעלונג פון די חברים איז קלאָר: מיר וועלן טאָן אַלץ כדי אַרויס־צופירן וואָס אַ גרעסערע צאָל מענטשן צום פאַרטיזאַנער קאַמף אין וואַלד. יעדער איינער פון אונדז, וועלכער וועט זיך געפינען אין געטאָ, מוז רעאַגירן מיטן ערשטן גענומענעם ייד..."

אויך האָט דער פאַרטיקולאַריזם אין די קאָנספּיראַציע פון די איינצלנע

באַוועגונגען באַווירקט, איינע פון זיי האָט זיך געפונען אַ וועג דורך פאַרבינדונגען מיט קאָמוניסטן צו איבערשיקן אייניקע חברים אין וואַלד, האָבן זיי די דאָזיקע מעגלעכקייט געהאַלטן בסוד. אַזוי אַרום האָט מען געשטערט די באַפעסטיקונג פון דער איינזאַמער יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געגנט פון ביאַליסטאָק און וואָס איז שפּעטער כמעט פאַרניכטעט געוואָרן. פון דער אַנדערער זייט ווידער, זענען געמאַכט געוואָרן אומנויטיקע אָנשטרענגונגען פון זוכן אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן צו יענער צייט אין דער געגנט בכלל נישט עקזיסטירט.

אַ אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון קאַמף־געדאַנק אין געטאָ איז אָן שום ספק געווען די פּערזענלעכקייט פון מרדכי טענענבוים־תמרוף, וועלכער איז אין יענער צייט פון דעגראַדאַציע פון פּערזענלעכע ווערטן און פון פעלן פון גייסטיקע און פּאָליטישע פירער פון פאָלק, אויסגעוואַקסן אויף אַ צילבאַוווסטן מנהיג פון יידישן ווידערשטאַנד. נאָך וואַרשע, איז דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ געווען איינער פון די עפעקטיווסטע אַקטן פון איזאָלירטן יידישן קאַמף.

ערשט מיטן קומען פון מרדכי טענענבוים־תמרוף קיין ביאַליסטאָק אין נאָוועמבער 1942, אַלס שליח פון „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" אין וואַרשע, צו אָרגאַניזירן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָק, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אָרגאַניזירן די יוגנט אין די פאַבריקן אין פינפטלעך אין ראַמען פון דער ווידערשטאַנד באַוועגונג. ביז דער ערשטער אַקציע פון 5—12 פעברואַר 1943 האָט מען טראָץ די גרעסטע אָנשטרענגונגען נישט באַוויזן פיל אויפצוטאָן. עס איז מרדכי טענענבוים נאָך נישט געלונגען צו פאַראייניקן אַלע באַוועגונגען און פּאַרטייען אין אַ ברייטן פאָלקס־קאַמף פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויך די פּראָדוקציע פון גראַנאַטן איז ערשט געווען אין איר אָנפאַנג. געווער איז געווען גאָר, גאָר ווייניק. אין יאַנואַר 1943 איז אין דער דירה פון אייניקע קיבוץ־חברים אויף יוראַוויעצקי גאַס — אין הויז לעבן געטאָ־טויער, וואָס זיין באַלקאָן און די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט אויסערן געטאָ, אָרגאַניזירט געוואָרן דורך מרדכין דער ערשטער שיס־קורס.

בעת דער ערשטער אַקציע האָט זיך די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פאַרהאַלטן פּאַסיוו. דער באַשלוס איז געווען נישט צו ענטפערן מיט קיין קאָנטר־אַקציע, שוינען די אייגענע כוחות פאַר אַ שפּעטערדיקן עפעקטי־ווערן קאַמף און דערווייל שטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. באַהאַלטן זיך, נישט אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט אין די דייטשע הענט.

מרדכי טענענבוים רעדאַגירט אַן אויפרוף פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וועלכן עס זאָגט זיך צווו. אַ.:

„אַרויסגעפירט ווערן — באַדייט טויט,
גיי נישט פרייוויליק צום טויט!
פאַרטיידיק דיין קינד, נעם נקמה פאַר דיין מוטער,
דעמאָליר די פאַבריקן.
גייסט אַרויס פון שטוב, צינד אונטער די ווירטשאַפט.
לאָז נישט די רוצחים קיין ירושה!
גיי נישט קיין טרעבלינקע!
יידישער פּאָליציאַנט! העלף נישט די תליינים!"

צווישן די חברים פון סניף ווערן פאַרטיילט אַמפּולן מיט ציאַן־קאַלי. אייניקע פון זיי מיינענדיק, אין באַהעלטעניש, אַז אָט, אָט ווערן זיי אַנטדעקט דורך די דייטשן, נעמען איין דעם סם, כדי נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט אין די רוצחישע הענט.

ערשט נאָך דער ערשטער אַקציע הויבן זיך אָן פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צום ענדגילטיקן באַוואָפנטן קאַמף. דאָס מאָל איז דער באַשלוס „רעאַגירן מיטן ערשטן געננומענעם ייד".

עס האָט נאָך גענומען 4 מאָנאַט — ביז אָנפאַנג אויגוסט 1943 — ביז עס איז דעם 5 אויגוסט געקומען צו אַן אָפיציעלע פאַראייניקונג פון אַלע קעמפערישע כוחות אין געטאָ.

מרדכי טענענבוים איז געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער — קאָמענדאַנט און אַלס זיין פאַרטרעטער דער קאָמוניסט דניאל מאָרדקאָוויטש. פיל האָט אָבער די פאַראייניקונג פּראַקטיש שוין נישט געקענט ענדערן, ווייל דעם 15/16 אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער

געטאָ. דאַן אָבער האָט נאָך קיינער נישט געאַנט, אַז דער סוף איז אַזוי נאָענט.

עס האָבן זיך נאָך אָפּגעשפּילט אייניקע דראַמאַטישע געשעענישן אין געטאָ. דעם 12־טן אויגוסט האָט מרדכי טענענבוים געזאָלט אַרעסטירט ווערן דורך באַראַש, דעם פאַקטישן פאָרזיצער פון יודנראַט. ס'איז נישט באַוווּסט, צו דאָס איז געווען זיין איניציאַטיוו, צו אַ באַפעל פון די דייטשן, (וועלכע האָבן גוט געוווּסט וועגן די צוגרייטונגען צום ווידער־שטאַנד). עס האָט זיך איינגעגעבן מרדכין אויסצובאַהאַלטן אָבער עס איז קלאָר, אַז ווען נישט דער שנעלער לויף פון די געשעענישן און די ליקווידאַציע פון געטאָ, וואָלט באַראַש זיכער זיך נישט אָפּגעשראָקן צו פּרוּוון פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. מען מוז באַמערקן, אַז אַזוי לאַנג, ווי ווידערשטאַנד איז געווען נאָר אַ שיין וואָרט, האָט באַראַש אונטערשטיצט די שטרעבונגען פון מרדכי טענענבוים, ער איז געווען כמעט זיין פּער־זענלעכער פריינד. ער האָט איבערגעגעבן געלט, ידיעות און מאַטעריאַלן פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פאַרן אַרכיוו. דאָך איז זיין אונטער־שטיצונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפענעם קאַמף מיטן מאָמענט, ווען די ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז אַקטיוויזירט געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו זיין אַ געוויסער פאַקטאָר אין געטאָ.

דעם 15־טן אויפן 16־טן אויגוסט האָבן די דייטשן אומדערוואַרט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, באַזעצט די פאַבריקן און אין אַ בליץ־אַקציע דאָס ליקווידירט. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט געענטפערט מיט אַ באַוואָפנטן פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. דער קאַמף איז געווען אַ קורצער. אַלע קעמפער מיט מ. טענענבוים בראש זענען אומגעקומען.

מרדכי זאַלצשטיין

# דער בלוטיקער וועג פון די לאכוועער יידן!

ווי אַ דונער האָט געטראָפן די בליץ־שנעל פאַרשפּרייטע ידיעה, אַז ביי דער אייזנבאַן וועלן געגרייט גריבער פאַר די לאכוועער יידן. אויך אונדזער שעה איז געקומען.

דעם 2־טן סעפּטעמבער 1942 באַנאַכט ווערט די געטאָ אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער קייט פון דייטשע ס. ד. מענער און אוקראַאינישע פּאָליציי. די אומרויקייט דערגרייכט אין געטאָ די העכסטע שטופע. די שטימונג איז פאַר לויפן אין וואַלד, דער פירער פון יידנראַט, לאָפּאַטין, צעשטערט דעם פּלאַן פון לויפן אין וואַלד, באַרואיקנדיק דעם עולם מיט צוזאָגן, אַז אויך דאָס מאָל וועט אים געלונגען צו ראַטעווען די געטאָ פון אונטערגאַנג. די האָפענונג איז אויסזיכטלאָז. דעם 3־טן סעפּטעמבער ווערט שוין קיינער פון געטאָ נישט אַרויסגעלאָזן. די יוגנט אָרגאַניזירט זיך. ס׳ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאָג פון יידנראַט — פּרעזעס לאָפּאַטין און ה׳ יצחק ראָכטשין, וועלכע זאָגן: ווען די ס. ד. וועלן קומען אין געטאָ, זאָל מען אונטערצינדן די הייזער און פיזיש אָנגרייפן די דייטשן. העק און אייזנס דאַרפן דינען אַלס געווער. דער ציל דאַרף זיין, דורכצורייסן די דראָטן און זיך אויס־קעמפן אַ וועג אין וואַלד. דער קורצסטער וועג דאַרף זיין דורך לובעצקיס בריק.

10 פרי קומען אָן לאַסט־וואָגנס מיט געסטאַפּאָ־לייט. דער פירער דערקלערט דעם ה׳ לאָפּאַטין, אַז פון די צוויי טויזנט לאכוועער יידן קענען בלייבן בלויז 32, צווישן וועלכע ער זעלבסט — לאָפּאַטין, קען זיך געפינען. אויף דער פראַגע: וואָס וועט זיין מיט די צוויי טויזנט יידן, ענטפערט דער געסטאַפּאָ־פירער מיט אַ ציניש געלעכטערל.

דער ה׳ לאָפּאַטין האָט געזען, אַז די געטאָ לעבט זיינע לעצטע מינוטן און האָט דערקלערט די יידן: ראַטעוועט אייך ווו איר קענט, איך בין מיט אייך.

די וואָך אַרום געטאָ ווערט פאַרשטאַרקט. מאַשין־געוועהר איז אָנגע־שטעלט אויף דער געטאָ. ס׳דערנעענטערט זיך דער דעצידירנדער מאָמענט. פרעזעס לאַפּאַטין צינדט דער ערשטער אָן זיין שטוב, וועמענס ביישפּיל ס׳טוט נאָך די יוגנט. די געטאָ ברענט אין העלן פרימאָרגן. אַ יידישער ישוב שטייט פאַר אַ פּרווו. ס׳דרינגען אַריין אָפּטיילונגען ס. ד. אין געטאָ און פּרובירן קאָנצענטרירן די יידן אין גרופּעס. ס׳געלינגט זיי נישט. די יידן לויפן און לאָזן זיך נישט נעמען. ס׳פאַלט דאָן דער ערשטער שאָס, פון וועלכן ס׳פאַלט דער מיטגליד פון יידנראַט ישראל דרעווסקי. נאָך אים פאַלט דער טויב־שטומער סלוצקי. די פּאַניק וואַקסט פון מינוט צו מינוט, אויך די ס.ד.־מענער האָבן זיך צוטומלט. דאָס נוצט אויס דער ה׳ יצחק ראָכטשין און דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ דעם פירער פון ס.ד., וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער יידן־ליקווידאַציע אין דער גאַנצער געגנט. דער פירער פאַלט גלייך אַ טויטער. ראָכטשין שפּרינגט אין טייך סמיערטש. אַ מערדערישע קויל טרעפט אים אין וואַסער, ווו ער באַקומט זיין אייביקן קבר. דער טויט פון אַ העלד וואָס האָט נישט זיין גלייכן האָט געווירקט אויף די יידן. אַ טויט די דייטשן! האָט אָפּגעהילכט איבעראַל. די יוגנט וואַרפט זיך אויף די מערדער. די ס.ד. עפנט אַ געדיכט פייער פון וועלכן עס פאַלן פיל יידן. אויך דייטשן פאַלן. די געטאָ־דראָטן ווערן מיט העק איבערגעהאַקט און די יידן רייסן זיך אַריין אין שטאָט. די אַנטלאָפענע ווערן באַגלייט מיט אַ האָגל פון קוילן און דער געיעג הויבט זיך אָן. די יידן לויפן אין דער ריכטונג פון פּינסקער בלאָטעס. די וועגן און שטעגן ווערן דורכן פיינט באַזעצט. מאָטאָריזירטע איינהייטן פּאַטרולירן איבער די וועגן און מיט באַוואָפנטע שיפלעך ווערט געהיט דער טייך פּריפּעטש. הימל און ערד האָט געשווירן פאַרניכטונג און די קינדער פון אויסדערוויילטן פאָלק קומען אום. מער ווי 50% פאַלן אויפן וועג. פאַר די איבעריקע ווערט באַשטימט: אַ יידישער קאָפּ — אַ האַלבע קילאָ זאַלץ. די פּרעמיע האָט געהאַט איר ווירקונג. די אָנהענגער פון קריסטוסן אָרדענען איין אַווילדן געיעג נאָך די יידן און ס׳מערן זיך די קילאָס זאַלץ...

די יידן, וועמען די מערדערישע קויל האָט נישט געטראָפן, האָבן

דאָך דעם ציל דערגרייכט — פּאַרטיזאַנער־וואַלד אין ריטשין. צוויי ביקסן דערלאַבערטע אין קאַמף מיט די דייטשן איז געווען די באַוואָפֿנונג. איינער פון די, וואָס האָט אין געראַנגל מיט אַ דייטשן סאָלדאַט דערלאַבערט זיין ביקס און דעם דייטש געטויט, איז געווען דער ה׳ חפץ.

די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד האָבן שוין געוווּסט די גאַנצע געשיכטע לאַכווע. דער שטאַרקער ווידערשטאַנד און געראַנגל פֿון די לאַכוועער יידן האָט דערוועקט ביי זיי אַ געפיל פון כבוד און דאָס האָט דעצידירט איבער זייער איינשטעלונג צו זיי. אין משך פון איין וואָך האָבן די פּאַרטיזאַנער צוזאַמענגעקליבן פון די אַנטלאָפענע 110 יידן. פון זיי ווערן 25 מאַן פאַראייניקט מיט דער פּאַרטיזאַנער־איינהייט און די איבעריקע ווערן געשיקט אין דער ריכטונג צו מזרח. דער וועג וואָס האָט געדויערט 10 טעג האָט אויך געבראַכט פאַרלוסטן. די אָפטע איבערפאַלן פון דייטשע אָפּטיילונגען האָבן פאַרקלענערט די גרופּע ביז 40 מאַן, די איבעריקע האָבן געפונען זייער העלדישן טויט אין די וועלדער אין קאַמף מיטן פיינט.

איך בין אָנגעקומען אין די פּאָלעסיער אָפּטיילונגען און ווער באַשטימט אין שטאַב פון דער 99־טער בריגאַדע — וועמענס פירער ס׳איז געווען טשייקאָווסקי — אַלס פערד־פּאַסטוך. מיין אַרבעט האָט מיך נישט באַפרידיקט. דאָס האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט און דאָס אומשולדיקע בלוט האָט פאַרלאַנגט נקמה. איך האָב זיך געריסן צום קאַמף.

מיין ערשטער פּרווו זיך צו טרעפן מיטן פיינד איז געווען אַן „אומלעגאַלער״. ווען דער לייטער מעלניקאָוו איז אַרויס מיט אַ גרופּע צום אויסשפּיר־דינסט, האָב איך ביים דינער פון שטאַב־שעף גענומען 60 קוילן מיט אַ ביקס און דערגרייכנדיק די אויסשפּיר־איינהייט האָב איך געמאָלדן, אַז דער קאָמאַנדיר האָט מיך געשיקט. נאָך 6 שעה גאַנג קומען מיר צום גאַרניזאָן גלוסקי, מינסקער געגנט, קיין לובאַן. מיר זענען פאַרמאַסקירט ביים ראַנד פון וואַלד און וואַרטן אָפּ דעם שונא. 4 ביינאַכט קומט אָן אַ גרופּע פון 9 שכורע ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן. מיר לאָזן זיי צו אויף אַ שטח פון 40 מעטער און עפענען אויף זיי אַ פייער. די „העלדן״

אַנטלויפן העלדיש, איבערלאָזנדיק אויפן קאַמפּס־פּעלד געהרגעטע און די געוועזער און אַמוניציע. איך האָב אינעם קאַמף דערשפּירט דעם גרויסן געַנוס פון נקמה. אומקערנדיק זיך אין וואַלד האָט מיר דערוואַרט אַ פאָרוואורף. דער בריגאַדע לייטער טשייקאָווסקי וואַרפט מיר פאָר אומ־געהאָרכזאַמקייט. דאָס געשפּרעך ענדיקט זיך דאָך מיטן רוסישן וואָרט: מאָלאָדיעץ. ד. ה. בראַוועָר יונג. איך באַקום דאַן געווער און ווער אַ קעמפערישער פּאַרטיזאַן.

אונדזער אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין צעשטערן דעם צופיר פון מענטשן — מאַטעריאַל און אַמוניציע פאַרן פראָנט. די קאַמפן האָבן זיך דעריבער אָפּגעשטעלט מערסטנטייל ביים ראַנד פון וועגן און באַן־ליניעס. אויך דאָס שטערן די ליפערונגען פון שפּייז פאַר דער ווערמאַכט איז געווען אַ עיקר פראַגע. אין אָקטאָבער 1942 ווערט אונדז געמאָלדן דורך פאַרבינדונגס־אויסשפּיר־דינסט, אַז פון דאָרף מאַלינאָווע, וועלכער געפינט זיך 3 ק״מ. פון דייטשן גאַרניזאָן, דאַרף געליפערט ווערן דער קאָנטיגענט תבואה. אונדזער בריגאַדע מאַכט פאָרבערייטונגען צו אַ שלאַכט. אַלע וועגן וואָס פירן צום דאָרף ווערן באַזעצט דורך אונדזערע איינהייטן. שעהן לאַנג וואַרטן מיר אויפן אָנקום פון פיינט. מיט אַמאָל באַמערקן מיר רייען פון פערד און וואָגנס. מחנות דייטשן גייען הייטערדיק און זיכער, אַז קיינער וועט נישט וואַגן אין דער נאָענט פון גאַרניזאָן זייער וועג שטערן. מיר האָבן זיי צוגעלאָזט נאָענט צו אונדז און געעפנט אַ הוראַגאַן פייער אויף זיי. די ערשטע דייטשן הויבן אָן צו אַנטלויפן, לאָזנדיק דאָס געווער אויף די וואָגנס. די הינטערשטע רייען נעמען אויף דעם קאַמף. אונדזער אָפּטיילונג בראש מיטן ה׳ קוזשמיענקאָ גייט איבער צו אַ פלאַנקן־אָנגריף. די שלאַכט נעמט צו אין איר פאַרביסנקייט פון מינוט צו מינוט. אונדזערע פולעמיאָטן, וואָס האָבן ביים אָנפאַנג שלעכט געאַרבעט, האָבן באַנייט דאָס קנאַלן. די דייטשן זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקציען, איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן אָבאָז מיט די פאַרוווּנדעטע. פאַרזעצן דעם אָנגריף איז געווען צוועקלאָז, ווייל זייער גאַרניזאָן איז געווען זייער נאָענט. מיר האָבן מיטגענומען דאָס געווער מיט אונדזערע פאַרוווּנדעטע און זיך צוריקגעקערט אין וואַלד.

אין דער איינהייט בין איך געווען ביז דער באַפרייאונג ד. ה. — 1944.
דאָס זענען געווען פאַר מיר יאָרן פון גרויסע אָנשטרענגונגען, געטריבן
דורכן שטאַרקן געפיל פון קאַמף מיטן פיינט, פאַר דער פרייהייט פון
פאָלק און מענטש.

3/X 1944

פרץ מאַרקיש

# בראָכשטיקער

אַצינד, ווען ס׳קערט די ראיה מיר זיך אום צוריק אַליין,
איז מיר אַ ריס די אויגן עפּענען און זען מיט יעדן גליד דאָ,
אַז ס׳איז מיין האַרץ אַראָפּגעפאַלן, ווי אַ שפּיגל אויף אַ שטיין,
און מיט אַ קלונג פון בראָך אויף שטיקער זיך צעשפּליטערט.

געוויס איז אויך אַ יעדער בראָכשטיק נישט באַפרייט
צו זיין אַן עדות וועגן מיר ביז מיינע לעצטע פיר באַשערטע איילן.
—צעטרעט מיך נאָר ניט, דו, אָ, ריכטער מיינער, צייט,
ביז איך וועל אָפּזוכן אין אויסשאָט די צעשפּריצטע טיילן...

איך וועל זיי אויפקלייבן פאַרפרוווּן — איינס צו איינס —
באַהעפטן זיי באַנאַנד, ביז בלוט אין פינגער זיך פאַרשטאָכן, —
— כאָטש ווי איך זאָל זיי קונציק ניט צונויפקלעפּן, אַלץ איינס
וועל איך אין דעם זיך שטענדיק זען פאַרקריפּלט און צעבראָכן.

ערשט איצטער קומט צו מיר אין טרויער דער באַשייד,
אין וויי פון איבערשמעלץ — באַגרייף איך פלאַמיק
דעם פּיין פון וועלן זען זיך אין שפּיגל — גאַנצערהייט,
וואָס איז אין בראָכשטיקער צעזייט אויף אַלע שבעה ימים...

קלמן גאָלדפאַרב

# אונטערערדישע באַוועגונג אין טרעבלינקע

(פראַגמענט)

מיר, פּראָסטע אַרבעטער, האָבן פאַרשטאַנען, אַז פריער, אָדער שפּעטער וועלן מיר אומקומען. אונדזער איינציקע רעטונג האָבן מיר געזען אין מאַכן אַן אויפשטאַנד, אונטערצינדן דעם לאַגער און אַנטלויפן.

דער אָנפירער פון ערשטן לאַגער איז געווען ד"ר כאָראָנזשיצקי, אַ ייד פון לאָדזש. אונדזער לאַגער־עלטסטער איז געווען אַן עסטרייכישער ייד, זינגער, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ. צווישן די אָנפירער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין טרעבלינקע איז געווען אַ העלדישער ייד פון טשעכאָסלאָוואַקיי, זיעלאָ, — אַ געוועזענער אָפיציר פון דער טשעכישער אַרמיי. צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אַ ייד אַדאָלף, (פון וואַנען ער האָט געשטאַמט ווייס איך נישט).

אונדזער פאַרבינדלער איז געווען יעקב וויערניק, וועלכער פלעגט אונדז איבערגעבן זייערע אָנווייזונגען און אינסטרוקציעס. אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך איינגעטיילט צו 10 מאַן אין אַ גרופּע. איין גרופּע האָט נישט געוווּסט פון דער צווייטער.

אונדזער פּלאַן איז געווען פאָלגענדער:

קודם כל צוגרייטן קאַלט געווער: העק, אייזנס, רידלס, מעסערס און האַלטן עס אין אַנטשפּרעכנדע ערטער. גלייכצייטיק האָט מען פּלאַנירט צו דעראָבערן געווער. מיר האָבן באַדאַרפט אין מאָמענט פון אויפשטאַנד אָנפאַלן אויף דער וואַך, צונעמען ביי זיי דאָס געווער. יעדע 5 מאַן האָט געדאַרפט באַפאַלן אַ דייטש, יעדע 3 מאַן — אַן אוקראַינער. צו אַן אוקראַינער האָט מען געדאַרפט צוגיין, פאָרלייגן אים געלט און דערביי אַריינשטעכן אים אַ מעסער אין האַרצן.

צו אַ דייטש האָבן באַדאַרפט צוגיין די יידן, וועלכע האָבן געטראָגען טראַגעס, אונטערשטעלן אים אַ פוס און אים אומוואַרפן, גלייכצייטיק געבן אים מיט אַ טעמפּן אייזן אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַריינוואַרפן אים אין גרוב און צונעמען ביי אים דאָס געווער.

## דער נישט געלונגענער אויפשטאַנד

אויף דעם 10־טן מאַי 1943 האָבן מיר פּלאַנירט דעם אויפשטאַנד. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, וואָס איינער פון אונדזערע שלאָסער־אַרבעטער האָט צורעכט געמאַכט אַ שליסל פון דער טיר פון דעם מאַגאַזין, ווו עס האָבן זיך געפונען גראַנאַטן און געווער, האָט ער אויף אַן אומבאַמערקטן אופן אַראָפּגעקוועטשט אין וואַקס די פאָרם פון שליסל און צוגעמאַכט אַ צווייט שליסל. ס׳איז געלונגען צו אַרויסגנבענען פון מאַגאַזין אַ גרויסע צאָל גראַנאַטן. ס׳איז געקומען אונדזער פאַרבינדלער, יעקב וויערניק, און דער באָדע־מייסטער פון ערשטן לאַגער און געזאָגט: זייט רואיק, יעדער זאָל זיך געפינען אויף זיין פּלאַץ און וואַרטן אויף אַ סיגנאַל. אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גראַנאַטן זענען געווען אָן זאַפּאַלניקעס (אָנצינדלער) און מיר האָבן געמוזט די גראַנאַטן צוריקטראָגן אין מאַגאַזין, אַז די דייטשן זאָלן נישט באַמערקן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצולייגן דעם אויפשטאַנד אויף אַ גינסטיקערן מאָמענט, ווען מען וועט זיך בעסער צוגרייטן.

## דער אויפשטאַנד פון 2־טן אויגוסט 1943

נאָך דעם, ווי עס איז אונדז נישט געלונגען צו אָנהויבן דעם אויפשטאַנד אין חודש מאַי, האָבן מיר די צייט אויסגענוצט בכדי צו אויפקלייבן וואָס מער קאַלט געווער. אין דעם שוסטער־וואַרשטאַט און ביי יעקב וויערניקן האָבן מיר געשאַרפט מעסערס, געקליבן אייזנס און עס באַהאַלטן אין אַ באַשטימטן אָרט.

דורך יעקב וויערניקן האָבן מיר זיך קאָנטאַקטירט מיטן ערשטן לאַגער און זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אויב זיי וועלן נישט זיין דעצידירט צו אָנשליסן זיך אין דעם אויפשטאַנד, וועלן מיר אים דורכפירן אַליין מיט די אייגענע כוחות.

דער איצטיקער פּלאַן איז געווען מערער און בעסער אַדורכגעטראַכט דורך אונדזער אָנפירונג. מען האָט קודם־כל געדאַרפט אַראָפּנאַרן די אוקראַאינישע וועכטער פון די וואַך־טורעמס אויף דער ערד, אָנהויבן צו האַנדלען מיט זיי, אָנפאַלן מיט מעסערס, צונעמען זייער געווער און

אָנהויבן שיסן, איבעררייסן די דראָטן, אונטערצינדן די באַראַקן, די גאַזאָווניע און אַנטלויפן.

דעם טאָג פון צווייטן אויגוסט האָבן מיר געאַרבעט פון 4 פאַרטאָג ביז 12 פאַרמיטאָג. אין דעם טאָג האָבן מיר געאַרבעט ביי די גריבער, מיר האָבן אַרויסבאַקומען די ביינער און זיי געברענט. יעקב דאַמב (איצט אין ישראל) האָט געפירט מיסט אויף אַ וואָגן אויף דער טעריטאָריע פון לאַגער. ער האָט אַריינגעשריגן פון צווייטן זייט פּלויט: „היום, יום ראש השנה, יום המשפט בשעה ארבע". אַלע זענען מיר געווען נערוועז און אין אַ שלעכטער שטימונג.

ביי אונדז אין לאַגער זענען מיר געווען אַ גרופּע פון 30 מענטשן. אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו האַרגענען 7 אוקראַינער, 3 דייטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די באגערס (עקסקאַוואַטאָר) און אַ שאַרפירער — אַ דייטש.

אין דער צייט פון 3 ביז 4 נאָכמיטאָג זענען די דייטשן געווען פאַרנומען ביי דער טיי־שטונדע. די אוקראַינער און די באַגעריסטן זענען געווען אויפן פּלאַץ. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט פון 1־טן לאַגער אַ שאָס, הערנדיק דעם שאָס האָב איך געכאַפּט אַן עמער און געלאָפן צום ברונעם, ביי דעם ברונעם זענען געשטאַנען 4 מאַן און אַ קאַפּאָ און געשעפּט וואַסער פאַר דער קיך. נישט ווייט פון ברונעם איז געווען אַ וואַך־שטובע פון די אוקראַינער, דאָרט האָט זיך געפונען אַ מאַשין־געווער און אַן עלטסטער פון דער וואַך־אָפּטיילונג. אין קיך האָבן זיך געפונען אונדזערע חברים.

דער קאַפּאָ האָט געהייסן זיעליא, אַ טשעכישער בחור, אַ געוועזענער אָפיציר זייער אַ העלדישער יונגערמאַן און איינער פון די אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין טרעבלינקע.

איך האָב אויסגעשריען: חברה, גיכער וואַסער, עס ברענט! די וואָס זענען געשטאַנען ביים ברונעם האָבן מיט אַ שטעקן געגעבן איבערן קאָפּ אַן אוקראַינער, צוגענומען זיין ביקס און אים אַריינגעוואָרפן אין ברונעם. די ביקס האָבן מיר איבערגעגעבן זיעליאַ, וועלכער איז געווען זייער אַ גוטער שיסער. ער האָט מיט דער ביקס דערשאָסן דריי אוקראַינער.

אין דער צייט האָבן אַנדערע צוגענומען פון דער וואַך־שטובע דאָס מאַשין־געווער און געהאַרגעט גלייכצייטיק דעם וואַך־עלטסטן. מיר האָבן איבערגעריסן די דראָטן פון פּלויט. אַ צווייטע גרופּע איז געלאָפן צו דער גאַזאָווניע (גאַז־קאַמערן) און געהאַרגעט איוואַן גראָז׳ני און זיין חבר און זיי אַריינגעוואָרפן אין פייער. אונטערגעצונדן די גאַז־קאַמערן.

ביי די דייטשן און אוקראַינער איז געוואָרן אַ צעמישונג. זיי האָבן זיך אויף דעם נישט געריכט. אַ גרופּע אויפשטענדלער האָבן געברענט די וואַך־טורעמס ווו עס זענען געשטאַנען די אוקראַינישע וועכטער. אַ שעה צייט האָט געדויערט דער אויפשטאַנד. די וואָס האָבן געהאַט געווער האָבן געשאָסן צו די דייטשן און אוקראַינער. אַנדערע האָבן זיך געוואָרפן מיט מעסערס, העק און אייזנס.

די דייטשן האָבן אַליאַרמירט דעם 1־טן לאַגער און גערופן הילף. עס זענען אָנגעקומען זייער פיל דייטשן, פּאָליציי, אוקראַינער, פייער־לעשער מיט הינט און גענומען אויסכאַפּן די אויפשטענדלער.

מיר זענען זיך צעלאָפן. איך בין געלאָפן צו די שטעכל־דראָט, אונטן זענען געווען קאָזלעס (פאַרצוימונגען קעגן טאַנקן), וועלכע זענען גע־שטאַנען אויף מינעס. איך בין געלאָפן אונטער אַן האָגל פון קוילן. מיר איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון לאַגער. געלאָפן איבער פעלדער, נישט האָבנדיק קיין אָרט, ווו זיך צו באַהאַלטן, בין איך אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן בוים. אויף דעם זעלבן בוים איז אויך אַרויף משה פורמאַן (שפּעטער אומגעקומען).

אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן געמאַכט אַן אָבלאַווע האָט מען אַ סך אויפשטענדלער געכאַפּט און דערשאָסן. אַנדערע האָבן נישט געוווּסט ווו צו באַהאַלטן זיך און זענען אַריינגעפאַלן לעבעדיקע אין די דייטשע הענט.

זיצנדיק אויף דעם בוים האָב איך מיט משה פורמאַן באַשלאָסן, אַז לעבעדיקע וועלן מיר פון בוים נישט אַראָפּ. ביינאַכט, 12 אָזייגער, זענען מיר אַראָפּ פון בוים און געטראָפן סאָניע לעווקאָוויטש (איצט אין תל־אביב) און קובע.

מיר זענען אַראָפּ פון דעם אָרט און געגאַנגען אין דער ריכטונג צו סאָקאָלאָוו פּאָדלאַסקי, אַריין צו אַ פּויער בעטן עפּעס עסן.

דער פּויער האָט גלייך געגעבן צו וויסן דער פּאָליציי און זשאַנדאַר־מעריע, וועלכע זענען גלייך געקומען. מיר זענען זיך צעלאָפן אין פאַר־שידענע ריכטונגען. איך בין דערגאַנגען צו דער סטערדינער פּושטשע. דריי חדשים האָב איך אַרומגעבלאָנקעט אין דער געגנט. שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט יעקב פּאָליאַקעוויטש, וועלכער איז שוין פון פריער געוועזן אין דער געגנט.

מרדכי גאָלדפאַרב

# דער אויפשטאנד אין סאביבאר

(פראַגמענט)

איך האָב גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם, אַז עס דאַרף פאָרקומען אַן אויפשטאַנד, מיין ברודער אברהם איז אין דעם טאָג געקומען צו מיר האַלב פיר נאָך מיטאָג און געזאָגט, אַז אין אַ האַלבער שעה וועט זיך דאָס אָנהייבן. ער האָט מיר געגעבן אַ זייגער, אַ ביסל דאָלאַרן און אַ ווייסן פולאָווער. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל נישט מיר זאָלן זיין צוזאַמען. וואַגנער (איינער פון די הויפט־אויטאָריטעטן און הויפט־רוצחים פון לאַגער, פאַר וועלכן די אַרעסטירטע האָבן צוממיינסטן מורא געהאַט) איז דעמלט געווען אויף אורלויב, דעריבער האָט מען אויסגעקליבן דעם טאָג. וואַגנער איז געווען אַזוי פאָרזיכטיק, אַז ער האָט קיינעם נישט דערלויבט צו שטיין הינטער זיינע פלייצעס. דעם רעוואָלווער האָט ער שטענדיק געטראָגן אויפן בויך, ער זאָל אים קאָנען שנעל אַ כאַפּ טאָן אין דער האַנט. אַזאַ רוצח איז ער געווען!

איך בין געשטאַנען ביי דעם פענצטער פון באַראַק און געוואַרט, אַז ס'זאָל זיך אָנהייבן. איך האָב געזען ווי צום שניידער־וואַרשטאַט איז צוגעפאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד דער אונטערשטורמפירער נוימאַן. ער האָט צוגעבונדן דאָס פערד צו אַ טעלעפאָנישן סלופּ און איז אַריינגעגאַנגען אין באַראַק. ער האָט דאָרט געדאַרפט אָנמעסטן אַ מאַנטל.

דער שניידער־מייסטער איז אין דעם טאָג געווען אין וואַלד און אַ צווייטער האָט נאָר באַדאַרפט צונייען קנעפּלעך צום מאַנטל. ער איז געזעסן און צוגענייט די קנעפּלעך און אונטער דעם מאַנטל האָט ער געהאַט באַהאַלטן אַ האַק. אין אַן אַנטשפּרעכנדיקער מינוט האָט ער זיך געוואָרפן אויף דעם ס.ס. מאַן און אים דערהרגעט. זיין קערפּער האָט מען פאַרשטעקט אונטערן בעט, אויסגעווישט דאָס בלוט און... שאַ שטיל!

דאָס פערד האָט זיך אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן, קאַפּען מיט די פיס, איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָס וועט ציען עמעצנס אויפמערקזאַמקייט און איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף דאָס פערד אָפּפירן אין שטאַל.

איינער פון אונדז האָט עס געטאָן און קיינעם האָט דאָס עפּעס נישט אויסגעקומען פאַרדעכטיקט. דערווייל האָט דער עלעקטראָטעכניק שוואַרץ איבערגעשניטן אַלע טעלעפאָנישע דראָטן.

דער אָבערשאַרפירער גרייטשוס איז אַריינגעגאַנגען אין שוסטער וואַרשטאַט און דאָרט געוואָרן דערהרגעט. דער שאַרפירער בעקמאַן האָט זיך געפונען אין דער קליידער־סאָרטירונג און מען האָט אים דאָרט אויסגעענדיקט. דאָס האָט געדויערט געציילטע סעקונדן און ס'איז נאָך אַלץ געווען אַבסאָלוט שטיל, כאָטש אין פאַרשידענע ערטער זענען געלעגן 14 טויטע ס.ס.־מענער. אַלץ איז פאָרגעקומען אינעווייניק. נאָר דעמלט האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז פון 2־טן לאַגער איז געקומען אַ דייטשישער קאַפּאָ צו די שוסטער, און זיי האָבן גראָד דערליידיקט דעם שאַרפירער שווענדל. די טיר פון וואַרשטאַט איז געווען פאַרמאַכט, וואָס איז געווען קעגן רעגולאַמין, און דער קאַפּאָ האָט אָנגעהויבן זעצן אין דער טיר. ווען סע האָט זיך געעפנט און מען האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים. דאָס איז שוין געשען אויפן הויף און עס האָט זיך געמאַכט אַ טומל. פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן לויפן מענטשן און פון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט שאָסן.

איך האָב דערהערט דעם אויסגעשריי פון סאַשע „חברה נאָך מיר”, און איך האָב זיך געוואָרפן אין דער ריכטונג פון פּלויט. פון די טורעמס איז געפאַלן אַ סעריע שאָסן און איך האָב זיך צוריקגעקערט צום באַראַק, אין אַ ווײַלע שפּעטער זענען מיר אין פירן — לערנער, אַ ייד וואָס מען האָט אים גערופן דער נעגער, באָריס און איך — געלאָפן צום מאַגאַזין פון געווער. אין מאַגאַזין איז געשטאַנען אויף דער וואַך איין ס.ס.־מאַן, אַן עלטערער מענטש, אַפילו אַ גאַנץ אָרנטלעכער. ער האָט געוואָלט שיסן צו אונדז, נאָר באָריס האָט אים אַ שאָט געטאָן זאַמד אין די אויגן, מיר האָבן זיך געוואָרפן אויף אים און דערהרגעט.

מיר האָבן געכאַפּט ביקסן (איך האָב געקענט שיסן, ווייל איך בין אַמאָל געווען אין בית״ר) און מיר זענען ווידער אַמאָל געלאָפן צום פּלויט. מיר זענען אים אַריבערגעשפּרונגען, די מינעס זענען שוין נישט געווען געפערלעך, ווייל זיי האָבן אויפגעריסן אונטער די פיס פון די

פריערדיקע לאַגערניקעס, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן. אין לאַגער איז געווען אַ בהלה און אַ שיסעריי, אייניקע געביידעס האָבן געברענט.

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל און אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו דערגרייכן דעם וואַלד. עס האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רעגן. לערנער האָט געזאָגט, אַז איך זאָל אויסטאָן דעם ווייסן סוועטער, ווייל מען זעט אים פון ווייטן און ער קאָן אונדז פאַראַטן.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלאָפן מיטן וואַלד, דורכגעגאַנגען אַ באַן־ליניע און ווען מיר האָבן פאַרלאַנגזאַמט די שריט, ווייל אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר זענען שוין ווייט פון לאַגער, האָבן מיר פלוצים דערהערט, ווי עס גאָגערן גענדז.

מיר האָבן זיך געדרייט אַ גאַנצע נאַכט און מיר האָבן זיך ווידער געפונען נאָענט פון דעם פאַרשאָלטענעם אָרט. מיר זענען ווידער געלאָפן און אַריינגעפאַלן אין דער ערשטער כאַלופע, וועלכע מיר האָבן אָנגעטראָפן אין וועג.

די פויערטע האָט געציטערט פון פחד און האָט אונדז אָנגעוויזן דעם וועג, ווייל דער וואַלד אַזש שוין געווען אַרומגערינגלט דורך די דייטשן. אַרויסבאַקומען זיך פון אים איז שוין געווען אוממעגלעך, האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ זומפּ, וועלכער האָט אונדז געגרייכט ביז אין האַלדז.

ס'איז שווער צו גלויבן, אָבער מיר האָבן אויסגעהאַלטן אין אים צוויי מעת־לעת, שטייענדיק אין בלאָטע און האַלטנדיק די ביקסן איבער די קעפּ, פון וואָס די הענט זענען אונדז געוואָרן פאַרשטייפט. די אַבלאַווע איז פאָרגעקומען אַרום אונדז, איך האָב געהערט און אַפילו דערקענט די שטים פון פרענצלען, און דאָך האָבן זיי אונדז נישט געפונען.

אויף דעם דריטן טאָג, ווען די אָבלאַווע האָט אויפגעהערט, זענען מיר אַרויס פון זומפּ און זיך דערשלאָגן צום דאָרף אָסאָווע (שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָרט איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער). מיר זענען אַריינגעגאַנגען צו אַ פויער, וועלכער האָט אונדז געגעבן מילך. ווען באָריס האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז מילך איז ער אומגעפאַלן פון אויסגעמאַטערטקייט.

מיר האָבן געוואָלט אַוועקגיין, ווען מיר האָבן דערזען אָנקומען פיר וועגענער דייטשן. דער פויער האָט אונדז צוריק אַריינגעשטופּט אין שטוב.

דערנאָך ערשט זענען מיר צוריק אַוועק אין וואַלד ווו מיר האָבן געטראָפן פיר יידן און איין יידיש מיידל, וועלכע זענען אויך אַנטלאָפן פון סאָביבאָר.

שרה גוטגאָלד־עדעליסט

# „די געשיכטע פון דער קאמפס־גרופע 66 אין טשענסטאכאוו"

(פראַגמענט)

„66" איז געווען איינע פון די ערשטע גרופּעס, וועלכע זענען גלייך נאָכן שאַפן דעם „קליינעם געטאָ" צוגעטראָטן אָרגאַניזירן אַ קאַמף־און זעלבסט־פאַרטיידיקונג אויף דעם פאַל פון אַן אַקציע מצד די דייטשן. די צאָל מענטשן פון דער גרופע האָט זיך אָפט געענדערט מחמת דעם, וואָס פיל חברים זענען אומגעקומען בעת דער אַרבעט פון די הענט פון שונא און עס זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער. ביים סוף פון דער עקזיסטענץ פון געטאָ האָט די גרופע „66" אַרומגענומען אַ גרויסע צאָל מענטשן און בלויז דער קערן אירער האָט געציילט 23 מאַן. — — — זיי האָבן געגעבן אַ ביישפּיל, ווי אַזוי מען קען שיין שטאַרבן פאַר אַן אידעאַל, פאַר אייגענע ווירדע און פאַר דער ווירדע פון זייערע נאָענטע, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעמאָרדעט אין די לאַגערן פון טרעבלינקע, אָשוויענטשים א.אַ.

די גרופע האָט די גאַנצע צייט געלעבט קאָלעקטיוו. איר נאָמען שטאַמט פון דעם הויז נאַדזשעטשנאַ 66, ווו די גרופע האָט געהאַט איר זיך־אָרט אין סאַמע אָנהייב פון איר עקזיסטענץ — — — דער צוקלייב פון מענטשן איז נישט געווען קיין צופעליקער. דאָס זענען אַלץ געווען יוגנטלעכע פון 17 ביז 21 יאָר, וועלכע האָבן, גרייטנדיק זיך צו דער אַקציע, געלערנט אין געהיימע קאָמפּלעטן און געאַרבעט געזעלשאַפטלעך.

די אָנשטרענגונגען פון דער גרופע זענען אין דער ערשטער ריי געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דעראָבערן געווער, וואָס קיין שום אָרגאַניזאַציע אויסער דעם געטאָ האָט נישט צוגעשטעלט. דעריבער זענען אַלע ווערטפולע זאַכן, וואָס עמעצער האָט נאָך פאַרמאָגט ביי זיך אין שטוב, אַלע רווחים ביים האַנדלען מיט שפייז, געוואָרן אויסגענוצט צו דעם ציל. — — —

די גרופע „66" האָט געלעבט זייער אָרעם, געגעסן שוואַרץ, פאַרדאַרט

ברויט, אָפּט נישט צו דער זעט, אָבער דערפאַר האָט זי זיך דערשלאָגן צו צוויי שטיק קורץ געווער. דאָס בלויזע ברענגען עס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. מיעטעק פּערלעגער פלעגט פאָרן נאָך דעם אין קעלצער געגנט. די אַדרעסן פון דאָרט האָט די גרופּע באַקומען פון איינעם שולמאַן, וועלכער, זייענדיק אַ דערפאַרענער מענטש, וואָס האָט גוט געוווּסט ווי אַרומגיין מיט געווער און געקענט דעם געביט, האָט געבראַכט אַ סך נוצן דער גרופּע.

אין דער צייט פון איינער אַזאַ רייזע, ווען מיעטעקן האָט באַגלייט פראַנצעק, איז געשען אַזאַ פאַל: „פראַנצעקן האָט אויף איינער אַ סטאַציע פאַרטשעפּעט אַ „באַנשוץ״:

— צי ביסטו נישט קיין ייד?

דערויף האָט פראַנצעק געענטפערט:

— קענסט זיך איבערצייגן.

דער באַנשוץ האָט מסכים געווען און ביידע זענען אַריינגעגאַנגען אין דער אַביקאַציע. דאָ האָט פראַנצעק זיך געוואָרפן אויף אים און דער־שטיקט, אַרויסוואָרפנדיק זיין קערפּער דורכן פענצטער, וואָס איז צום גליק אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פעלד. ווען אין דער צווייטער העלפט פון דעצעמבער איז מיעטעק אַרויסגעגאַנגען אויסער דעם געטאָ צו דער־ליידיקן געוויסע ענינים אין שייכות מיטן אַרויספאָרן נאָך ניי געווער, האָט אים אויף דער יאַסנאָגורסקע־גאַס פאַרטשעפּעט אַ באַנשוץ, וועלכער האָט געפאָדערט פון אים ער זאָל זיך לעגיטימירן. מיעטעק האָט זיך אויף אים געוואָרפן, איבערגעקערט אויף דער ערד און אַליין אָנגעהויבן אַנטלויפן, אָבער דאָס אַנטלויפן האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, מען האָט אים אַרעסטירט און דערנאָך אומגעבראַכט. פאַר דער גרופּע איז דאָס געווען אַ שווערער קלאַפּ. זי האָט פאַרלוירן נישט בלויז אַ באַליבטן חבר, נאָר אַ פירער. דערנאָך איז שוין נישט געווען אַזאַ צווייטער, וועלכער זאָל אַזוי גוט אָנפירן מיט דער גרופּע. קובאַ ריפּשטיין, וועלכער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון מיעטעקן איז נישט געווען אַזוי דעצידירט און אַזוי אונטערנעמעריש, ווי מיעטעק. קובאַ איז געווען אַ מער קאַלטער

און באַזאַכטער, דאָס איינקויפן געוועזן האָט איבערגענומען פראַנצעק. אומלעגאַלע ליטעראַטור האָט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ „היפעק".

פון דעם אָנהויב פון איר עקזיסטענץ האָט די גרופע „66" אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן „קיבוץ", אַדער מיט די מיטגלידער פון פאַרשיידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אונטער דעם דאָזיקן נאָמען שאַפנדיק צוזאַמען די יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע („זשאָב"), וועלכע האָט צוגעגרייט אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין פאַל פון אַן אַקציע מצד די דייטשן. — — —

דעם 4־טן יאַנואַר 1943 זענען אַלע פון דער גרופע אויסער איינעם איבערגעגאַנגען אין „קיבוץ", כדי צוזאַמען אָרגאַניזירן אַ וועלכע ס'איז אַקציע — — — מיט דער מערהייט שטימען איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגיין אויף דעם מאַרק. אָבער ס'איז געווען שוין צו שפּעט, די גאַנצע באַפעלקערונג פון געטאָ איז געווען אויסגעשטעלט לויט די אַרבעטס־פּלעצער. אויפן באַפעל פון זשאַנדאַרמעריע־אָפיצער ראָאַן האָט מען גלייך אָפּגעשלאָסן אַ גאַנצע גרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַ סך אַלטע, קינדער און קראַנקע. זעענדיק, אַז די עניבים נעמען אַן אַזאַ כאַראַקטער, אַז די דייטשן ווילן שיקן בייע פּאַרטיעס מענטשן צום טויט, איז באַשלאָסן געוואָרן זיך קעגנצושטעלן מיט געווער. אָבער בלויז מענדל פישעלעוויטש האָט פאַרמאָגט איין שטיקל געווער, די איבעריקע קעמפער האָבן שוין גאָרנישט פאַרמאָגט, ווען מען האָט די מענטשן אַראָפּגעפירט פון אונטן און אויסגעשטעלט אין פינפטלעך, האָבן זיך די קעמפער געהאַלטן צוזאַמען גרייטנדיק זיך צום איבערפאַל. אויף דעם געגעבענעם צייכן האָט זיך מענדל פישעלעוויטש געוואָרפן מיטן רעוואָלווער אויף דעם אָפיצער ראָאַן. אָבער דער רעוואָלווער האָט זיך אין דער דעציזידירטער מינוט פאַרהאַקט. גלייכצייטיק האָט פאַיע מיט אַ מעסער אין האַנט זיך געוואָרפן אויף דעם לייטענאַנט סאָפּאַרט, צעקאַ־ ליעטשענדיק אים די הענט און צעשניידנדיק דעם שינעל און די שיך. ווי נאָר ביי דעם זשאַנדאַר איז פאַריבער די ערשטע שרעק און פאַר־ שטאַרטקייט, האָט ער אָפּגעגעבן צו מענדלען זיבן שאָסן, טייטנדיק אים אויף אָרט.

פאַיעס גורל איז געווען אַ סך אכזריותדיקער — זי האָט זיך געמוטשעט עטלעכע שעה ביז זי איז אויסגעגאַנגען. דער לייטענאַנט ראָאַן האָט נישט דערלויבט מיט נאָך אַ קויל זי צו פאַרענדיקן.

די בהלה, וואָס האָט זיך געשאַפן, האָבן אויסגענוצט צוויי מיידלעך פון קיבוץ. די איבעריקע איבעראַשט פון דעם שנעלן לויף פון די געשעענישן האָבן נישט אויסגענוצט דעם פּאַסיקן מאָמענט צו אַנטלויפן.

איציק פעפער

# די שבועה

איך שווער ביי דער ליכטיקער זון, ביי די שטוינענדע שטערן,
איך שווער היינט ביי אַלץ, וואָס אַ פשוטער מענטש קען נאָר שווערן,
איך שווער ביי די הערצער, וואָס זידן אין שלאַכט און קאָכן
איך שווער ביי די שטאַמען פון גליק, וואָס דער פיינט האָט צעבראָכן,
איך שווער ביי די ווערבעס, וואָס שטייען ביים דניעפּער געבויגן,
איך שווער ביי דעם בלוט, ביי דעם אומרו פון מיינע צוויי אויגן:
מיין האַס וועט ניט אויסגיין, מיין צאָרן אין קעלט וועט ניט קילן
ביז כ׳וועל אויף מיין אָרעם דאָס בלוט פונעם פיינט ניט דערפילן!
און אויב ס׳וועט דער פינצטערער וויכער אַ האַנט מיר צעפליקן,

וועל איך מיט דער צווייטער דעם פיינטלעכן אָטעם דערשטיקן;
און אויב ס׳וועט אַ קויל מיר די האַנט אויך די צווייטע צעדרזיבן,
וועל איך מיט מיין הייליקער שנאה דעם ווייטיק פאַרטויבן!
אַבי נאָר די פיס מיינע וועלן מיך טראָגן, מיר דינען —
אין פייער, אין וואַסער וועל איך אים, דעם שונא, געפינען.
און אויב ס׳וועט די נאַכט מיר מיט בלינדקייט פאַרלעשן די אויגן,
מיין שנאה — מיין שוועסטער אין שלאַכט וועט ניט לאָזן פאַרנויגן
מיין קאָפּ. דאָס אויג פון מיין האַרץ וועט דעם שונא אַנטפּלעקן,
דער פלאַם פון מיין האַס וועט אויף אייביק זיין זכר פאַרמעקן.
אָט דאָס איז מיין שבועה, וואָס כ׳שווער איצט דעם לאַנד פון די ראַטן,
מיין אוראַלטן פאָלק, און מיין אַלטינקער מאַמען און טאַטן,
אָט דאָס איז מיין נדר: און אויב איך וועל ביידע זיי ברעכן,
זאָל דעמאָלט מיין פאָלק מיט דער שפּיז פון פאַראַכטונג מיך שטעכן;

און אויב כ׳וועל דעם פיינט פון דער ליכטיקער וועלט ניט פאַרטרייבן,
אַז ס׳זאָל פון זיין מיאוסקייט קיין שריד ופליט ניט בלייבן,
דעם אַש פון מיין לייב זאָל די ערדקויל ניט אויפנעמען. אמן!
זאָל ווערן צום אייביקן שאַנדסלופּ געפעסטיקט מיין נאָמען,

# אינהאַלט

